MOSHE JOUNGMAN

**SHMEICHLEN FUN ERETZ HAKODESH**

משה יונגמאַן / שמייכלען פֿון ארץ הקודש

**פֿאַרלאַג „המנורה״, רח׳ זנגביל 24, ת״א, ישראל**

„Hamenora" Publishing House, 24, Zangwill Str: Tel-Aviv, Israel



Printed in Israel, 1969 נדפס בישראל, תשכ״ט

דאָס בוך איז דערשינען מיט דער הילף פֿון ליזאַ און וויליאַם שאַר־
פֿאַנד ביים יידישן שרייבער פֿאַריין אין ישראל

**דפוס „ארזי״ בע״מ, ת״א, רח׳ אילת השחר 4, טל. 34294**

# על נהרות

„על נהרות בבל שם ישבנו גם בכינו",
תהילים קל"ז

א.

לאָמיר צודריקן אונדזער פּנים צו די ווענט פֿון ירושלים.
קיין כּותל מערבֿי ניטאָ,
וועלן הײַנט אַלע ווענט זײַן אונדזער כּותל מערבֿי.

שטיין נאָך שטיין לאָמיר אַרומהאַלדזן.
זאָלן זיי פֿילן אונדזער האַרץ וואָס קלאַפּט.
קיינער האָט אונדז ניט פֿאַרשטאַנען,
אפֿשר וועלן שטיינער אונדז הײַנט פֿאַרשטיין.

און אונדזערע פֿידלען לאָמיר אויפֿהענגען
איבער אונדזער אָפֿענער וווּנד.
די גאַסן וויינען אין ירושלים,
נאָר ניט אָפּגעטריקנט אונדזער רעכטע האַנט.

ב.

עמעץ האָט געוואָרפֿן אַ שטיין,
נאָר ער איז צוריקגעקומען —
צו קליין געווען דער שטיין.

עמעץ האָט געלאָזט פֿאַלן אַ וואָרט —
איז עס מיד געוואָרן
אין מיטן וועג.

דאָס האַרץ פֿון ירושלים
איז געשטאַנען אָפֿן, ווי אַן אײַנפֿאָרהויז,
אין וועלכן מ׳האָט געקאָנט הערן די שטיוול פֿון שונא.

און ניט קיין פֿײַער איז אַרויסגעגאַנגען פֿון האַרץ,
ניט קיין שפּין האָט אויסגעשטאָכן די אויגן.

מײַ, 1965

## כותל־מערבֿי

הימלען זענען צו אונדז גוט געווען.
טויערן האָבן זיך פֿאַר אונדז צעפּראַלט.
מיר האָבן דערזען געסלעך,
דערזען שטיבער דורכזיכטיקע,
זיך אַליין האָבן מיר דערזען
אַרומשפּאַנען אין זונפֿאַרגאַנג
און אויך מיר דורכזיכטיקע ביז גאָר.
מויערן האָבן זיך געבייגט אונדז אָנצוקוקן,
שאָטנס האָבן צו אונדז אויסגעשטרעקט זייערע הענט.
שבת־קודש ניט געווען, נאָר מיר האָבן געוואַרט
אויף אַ טאַטן אין זשופּיצע,
אויף אַ מאַמען אין ווײַסן געוואַנט.
טויבן ניט געווען, נאָר מיר האָבן זיי געקאָנט הערן.
פֿרייד געווען.
ביקסן זענען אויף אונדז געהאַנגען.
מידקייט איז אַראָפּגערונען
אין אונדז
ווי אַ שטיל געזאַנג.

*

מיט אַ מאָל איז אַלץ אַנדערש געווען.
מיט אַ מאָל האָבן מיר זיך געזען שטיין
אין שפּיץ פֿון דורות און דורות.
מיט אַ מאָל זענען פֿליגל געוואַקסן אין אונדז
צו דער זון.
געסלעך שמאָלע
זענען מיט אַ מאָל ברייט געוואָרן

געלאָזט אונדז אַדורכגיין מיט קאַסקע און טרער.
ווענט האָבן גערעדט,
שטיינער האָבן זיך געלאַשטשעט צו אונדזערע פּיס.
אונדזערע פּנימער
האָבן זיך מיט אַ מאָל אָפּגעשפּיגלט אין שויבן.
מיר האָבן דערזען זיך
אַנדערש,
אוראַלט.

*

צום כותל־מערבֿי גייען מיר אַלע:
קינד און קייט
און אויך די וואָס קאָנען ניט גיין,
אויך די וואָס געבליבן הינטער די הרי־חושך.
צונויפגעקנוילטע זיי ליגן אין אונדז
מחנותווײַז —
יעדער האַרץ אָנגעפּיקעוועט מיט זײַנע ריידעס, באָבעס,
דורות וואָס דער כותל־מערבֿי האָט צונויפגעבונדן
און איצט קומען זיי וואַרפן אויף אים אַ קוק.
דורך אונדז שטרעקן זיי אויס זייערע ציטערדיקע הענט
און ווילן אים אָנרירן.
מיט אונדז קלעטערן זיי
בחפזון
ניט צוגעגרייטע צו דעם גרויסן טאָג.

*

לאָז צוטוליען דעם שטערן צום כותל־מערבֿי.
אין האַרץ איז ער גרעסער געווען,
אָבער דאָ איז ער וואָר. לאָז פירן די פינגער

איבער די קאַרבן. ווי אָדערן זענען זיי
אויף הענט פֿון טאַטע און מאַמע.
דאָ — די רינשטאָקן וואָס האָבן געקליבן
די טרערן צו גאָט. דאָ — דער מאָך
וואָס האָט דעם וועג פֿון די טרערן פֿאַרשטעלט.
לאָז קושן דעם מאָך וואָס איז זאַלציק
פֿון טרערן. די אָדערן
פֿון טאַטעס און מאַמעשיס הענט.
דעם שטיין.
און וואָס טיפֿער
פֿון שטיין.

*

און אַזוי טראָגט יעדער אין זיך דעם נצחון:
טונקל, באַוואָקסן מיט שטויב,
די פֿיס נאָך ניט דרײַסטע צו שפּרײַזן אויף בלומען,
ניט צוגעוווינט נאָך די אויגן צום ליכט
וואָס קאַפּעט אַרײַן אינעם האַרץ. נאָך טוט וויי
יעדער וואָרט. נאָך דאַרף מען געפֿינען דאָס וואָרט
וואָס זאָל קאָנען אַרומנעמען
טרער און געזאַנג. מ׳מוז נאָך דערשווײַגן
דערווײַל דאָס אַלץ וואָס מ׳פֿילט.
צו הויך די קולות פֿון קינדער אין גאַס.
נאָך שווער
דער הימל אויף אונדז.
דער נצחון
נאָך שווער.

# בית־לחם

פֿאַר צפורה און יחזקאל הובערמאַן

א.

בית־לחם רינגלט מיך אַרום. איך טובֿל
מײַן פֿוס אין אייביקייטן פֿון בית־לחם.
אַ שטיין איך היט זיך דאָ ניט צו פֿאַרשוועכן
אַפֿילו שטיינער זענען מיר דאָ קרובֿים.

אַפֿילו דמיונדיקער גאָלד פֿון שטויבן
וואָס רינט צו מיר אַראָפּ פֿון דעכער
איז אמת דאָ. און איך בין הײַנט זײַן בעכער.
און טו זיך פֿון דאָס נײַ צו אים פֿאַרחובֿן

אָפּגעבן פֿאַר אים אַלץ. פֿאַרפֿלעכטן
אין יונגן שמייכל אים. און שויבן
אויפֿוועקן אַלץ וואָס האָט געדרימלט נעכטן,

מיט הונדערט דורות הינטער פּלייצעס שפּאַנען,
אַ יינגל בין איך. רחל איז מײַן מאַמע.
מײַן באָבע איז שׂרה בת־טובֿים.

ב.

שׂרה בת־טובֿים — דאָ. זי פֿירט
פֿון ס׳נײַ מיך איבער חומשדיקע דפֿן.
זי לאָזט מיך ווידער שטיין און גאַפֿן
צו יעדן אַלטן וואָרט מיט גאָלד באַצירט.

זי פֿינקלט אין מײַן אויג. פֿאַר מיר
ט׳זי נײַע ווערטער איבער נאַכט באַשאַפֿן:
פֿלינקפֿיסיקע, מיט ליכטיקע שוואַרצאַפּלען,
וואָס בלויז איר שמייכל האָט זי אָנגערירט

און שאַל אירער דער טערקישער. און וווּנדער
איז דאָ אין יעדן וואָרט באַזונדער:
אותיות בליִען און דער טאָג ווערט גרויס.

שׂרה בת־טובֿים שפּרײַזט פֿאָרויס.
איר שאַל, דער טערקישער, איז כּולו שמייכל
און אַלע טוען מיר צו אים דערגרייכן.

ג.

די הויקערדיקע קעמלען זענען ווײַס.
הײַנט רײַט איך אויף אַ פֿײַער־וואָגן. יאָג אַריבער
די ציטערדיקע אותיות פֿונעם סידור,
די גאַפֿנדיקע, קורצע צײַט.

הײַנט האָב איך פֿריידן פֿון דער קייט באַפֿרײַט
און שטיף מיט זיי דורך יונגן וואַלד פֿון לידער.
דעם טרויער וואָס אין מיר איך בלעטער איבער,
די גראָע שטיינער וואָס אַרום כ׳פֿאַרבײַט

און לאָז זיי ווידער ווערן ווײַסע.
ניט איך בין וואָר. ס׳איז וואָר די מעשׂה,
וואָס דורות לאַנג מ׳האָט זיך דערציילט.

פֿון טויזנט קליפּות כ׳האָב זי אויסגעשיילט
און רײַט מיט איר אויף פֿײַערדיקן וואָגן.
רײַט, און קאָן אַליין זיך ניט דעריאָגן.

## חבֿרון

### א.

חבֿרון. מערת־המכפלה, ניט
מער קיין חומש־לאַנד. שטיינער אין דעמער
מאַכן אונדז, ריזן פֿון נעכטן, קלענער און קלענער,
מישן אונדז אויס מיט רעש או שטויב פֿון יאַריד.

ניטאָ ווו זיך אָנשפּאַרן. וואָכעדיק. מיט
ביקסן אויף אַקסל. מיט זמר,
וואָס רינט אויס פֿאַמעלעך אונטער די פֿענער,
מיט מאַנדלען און ראָזשינקעס אונטער די טריט.

גייען מיר פֿון געסל צו געסל. זוכן
זיך אין אָפּגלאַנץ פֿון שויבן, שפּאַרעס פֿון טירן.
ס׳קאָן דאָך ניט זײַן אַז געטאָן מ׳האָט פֿאַרלירן

דאָ אַלץ. אַז אָבֿות, מלאָכים
האָבן געלאָזט אונדז אַליין, אַז בלויז שטיינער
אין אונדז, אַרום אונדז בלויז שטיינער.

ב.

אפשר וועט העלפן דער שופר. אפשר דורך אים
וועלן ווייכער ווערן די שטיינער. וועט הימל
אָנשפּאַר אין אויגן ווידער געפינען,
וועט שמייכל פאַרבײַטן גראָקייט אויף גרין.

אפשר וועט העלפן דער שופר. אפשר דורך אים
וועט זילבערנער פאָדעם ווידער פאַרשפּינען
מיט אייביקייט אונדז, וועט צערינען
דער פּחד אַז קיינער ניטאָ. אַז אין

קברים — טויטע די וואָרצלען. אַז דנאָען
ליגן פאַרשטויבטע פון יאָרן און גראָען
אַרויף צו אַ פרעמדער, שיכורער וועלט.

אפשר וועט העלפן דער שופר. אפשר דערהעלט
וועלן ווידער ווערן די ווערטער
מיט אָבות וואָס היטן אָפּ הייליקע ערטער.

ג.

לאָז ניט יאַרידן פֿאַרטונקלען די ווענט.
בלײַב בלאָ, ווי אין בלעטער פֿון צאינה־וראינה.
בלײַב בלאָ, מ׳זאָל ווײַטער דיך קאָנען דערקענען
ווי דאַן, ווען מיט ליפּן צו דיר מ׳האָט גענענט,

און אַלץ איז געלעגן אין זון. אײַנגערעמט
צווישן אותיות ווי שעפּסן. פֿאָרכטיקע נעמען.
ווען געחלומט, און געהאַט מ׳האָט צו ווענען.
ווען געטראָגן מ׳האָט דיך אין אויג און אויף הענט

איבער אַלע מידבריות. קניִען
לאָז ווײַטער צו דיר, כאָטש איצט ביסטו וואָר.
לאָז ווײַטער דעם בלאָען חלום צעציִען

אויף נאַקעטקייט דײַנער. זאָל דור
אין דורות זיך אײַנפֿלעכטן. ווידער
מיט צאינה־וראינה אויף ליפּן. מיט לידער.

# גריזים

דער באַרג גריזים דאָ:
אַ גאַנצער באַרג מיט ברכה.
און איך וויל בלויז אַ שטיינדעלע פֿאַר מיר.
און איך וויל בלויז אַ קערנדל בטחון,
אַז אַלץ וואָס איך דערקלעטער און באַריר
איז אמת. ניט — פֿון ס'ניי — אַ שיעור־
פֿאַרהוילן־שמייכעלע פֿון כּבֿיכול.

# אילת

א.

אופיר ניטאָ. הײַנט ברענגט מען קופער אין אילת.
מיט לאַק שטאָט גאָלד פֿאַרדעקט מען שטוב און שויבן.
אין בלאָע שיפֿלעך וואָס דעם ים צעהוידן —
ניטאָ קיין מלכּה שבֿאָ מיט שטיף און שטאַט.

ניטאָ אַפֿילו אויפֿן שלאַך, וואָס גלאַט
גליטשט זיך אַרײַן אין שטאָט, אַ קאַראַוואַן פֿון שטויבן,
מיט וועלכע מ׳זאָל אַ גאַנצע נאַכט זיך סודען
און טענהען: אַני שלמה, כ׳האָב אַ קיניגרײַך געהאַט.

שרײַ איך ניט אַני שלמה. ס׳איז מײַן אַשמדאי
אַ בחורל אַ שוואַרצס וואָס פֿירט מיך אום דורך שענקען,
וואָס מאַכט בײַם גלעזל אַראַק מיך געדענקען,

אַז ס׳איז אילת אַ נײַע, אַז אויך איך בין נײַ.
און אַז די שטערן וואָס איך חלום בגילופֿין —
זענען מינץ וואָס פֿינקלט אינעם קופּל.

ב.

מײַן אַשמדאי — דער קלײנער שוואַרצער יונג,
וואָס פּראַלט די טירן פֿאַר מיר אויף פֿון יעדן קרעמל,
וואָס מאַכט די גאַנצע שטאָט צו מיר געגענען
און זיצן ווי אַ פּערל אויף מײַן צונג —

איז גוט צו מיר און אײדל. מיט אַ מינדסטן ווונק
לאָזט ער מיך מלכּהס שבֿאָ אין יעדער פּרוי דערקענען,
ער טוט די קלענסטע כוואַליע אויפֿן ים צעברענען
און אײַנפֿלאַנצן אין איר אַ בלאָען פֿונק.

נאָר מיך אַלײן פֿאַרפּלאָנטערט ער אין כּישוף. כ'וועל פֿון הי
ניט קומען דאָך צו אים מײַן מלכות מאָנען.
אַ פֿרעמדער בין איך. אָפּגעמעקט מײַן נאָמען,

און נאָר אין גלעזל אַראַק איז מײַן פּלי.
וועט ער מיך אויפֿזעצן אויף זײַנע פֿליגל
צו שפּאָט און שטיף — צו אַשמדאישע יאַרידן.

ג.

כ׳האָב הײַנט געקויפֿט דער קלײנער מלכּה שבֿאָ
אַ בראָש פֿון מאַלאַכיט. זאָל יעדער שטײנען,
אַז כאָטש איך רוף זיך מער ניט: אַני שלמה,
בין איך נאָך שלמה און מײַן בלוט איז בלאָ.

און װען מיר שטײען בײדע שעה נאָך שעה
בײַם ברעג פֿון ים װאָס האָט חוץ אונדז ניט קײנעם,
זע איך דעם מאַלאַכיט װאָס טוט זי קרײנען
און װײס: מיט איר איז אויך מײַן מלכות דאָ.

איר מלכות איז אופֿיר און מײַנס — אילת,
און ס׳שפּאַנט פֿאַר אונדז דער מאַלאַכיט אַ בריקל
פֿון בלאָע כװאַליעס ביז צום װײַסן ליקל,

װוּ זי טוט װוינען, פֿון נסיעות זאַט.
דער מאַלאַכיט איז גרין. די אויגן אירע אויך.
און אַשמדאַי ניטאָ. איז רויך.

# טאָג

צינד איך אָן אַ גרויסן, בלאָען טאָג
און שפּאַן אין אים אַרײַן מיט פליגל און מיט פּײַפל.
קלײנע ווערטער טראָגן אין זיך צווײַפל,
און איך — דעם גאַנצן הימל אויף זיך טראָג.

קלײנע ווערטער טוען ניט באַגרײַפן,
אַז ערגעץ, מיט אַ כּישופדיקן זאָג,
קאָן מען דעם שטויב צוריקגעבן זײַן וואָג,
דעם דינסטן גראָז זײַן דראַנג־צו־זון פאַרשטײַפן;

אַז ערגעץ, צווישן נישטערן און שלײַפן,
קאָן מען דערגריבלען זיך צום סאַמע סאָק,
אַרומנעמען אַ וועלט אין איר געיאָג
און ניט מער פילן, אַז מ׳איז נאָר אַ שרײַפל.

# אין אַרבּל*

פֿאַר ש״י עגנון

א.

זוך איך דאָס ציגעלע פֿון מײַן ייִדיש ליד
אין מלכות פעלדזיקער פֿון נתאי הארבלי.
אפֿשר האָט טונקלקייט עס אויסבאַהאַלטן אין די היילן,
פֿון לעמפּערטן — עס הייכן אָפּגעהיט?

אפֿשר דער תּנא זיך אַליין געמיט:
די וואַנט פֿון צײַט געטאָן פֿאַר אים צעטיילן,
פֿאַרגילגולט ווערלט אויף ליכטיקע פּאַר איילן
מיט שטרויען אויסגעבעטע? און איצט קניט

דאָס ווײַסע ציגעלע אויף אָט די שטרויען,
לעקט גאָלד פֿון תּנאס הענט, איז טועם
די דורכזיכטיקע פֿעדעם פֿון זײַן באָרד?

און אפֿשר, אין מײַן שטײַגן באַרג־אַרויף, כ׳האָבביידן
דורך ניגון מײַנעם בלויז צונויפֿגעפּאָרט:
דאָס ווײַסע ציגעלע און דעם ווײַסן זיידן?

---

* אַרבּל (לייענט זיך מיטן דגש אויפֿן בּ) — אַ באַרג צווישן טבריה און צפֿת. לויט אַ לעגענדע ווערט אין טאָל אַרבּל צו ערשט זיך באַווײַזן משיח. אין אַרבּל האָט אין דער מישנה־צײַט געלעבט דער תּנא נתאי (נתן) הארבלי, וואָס האָט דאָרטן געהאַלטן אַ בית־מדרש און געקנעלט תּורה.

ב.

קיין טויבן וואָרקען מער ניט אין אַרבל. ניטאָ
קיין קלויז אַרומצוגעמען קינדערס ניגון.
אַ תּנא, וואָס זאָל אויסבאַהאַלטן אונטער וויגן
אַ ציגעלע אַ קלאָרס. קיין תּנא אויך ניטאָ.

בלויז דאָ דער באַרג. און ערגעץ אויפֿן דנאָ
פֿון אַ מחילה, אונטער שטיין צעריבן,
זכרונות מיט אַ שפּיץ פֿון זון פֿאַרשריבן,
אָפּקלאַנגען פֿון אַ קמץ־אַלף: אָ —

פֿאַרגילגולטע פֿון שטעטל. יעדער שטיין
וואָלט קאָנען, דורך אַ נס, פֿון זיך אַליין
אָנהייבן רעדן, זיך פֿאַר מיר אַנטפּלעקן,

וואָלט יעדער קלאַנג אַ נײַעם קלאַנג דערוועקן,
נאָר אויסגעלאָשן איז דער באַרג און גראָ.
און טויבן וואָרקען ניט, זענען ניטאָ.

ג.

דאָס ווײַסע ציגעלע פֿון די קאַרפּאַטן
לויפֿט מיר פֿאַרויס דעם וועג צום באַרג אַרבל.
ס׳וועט מער ניט איבערלאָז מיר. איך וועל
עס שטענדיק האַלטן שוין אין מײַן שוואַרצאַפּל.

אַ גרוס געבראַכט מיר, דורך מחילות, פֿון מײַן טאַטן,
וואָס שטייט, אין שקיעה אײַנגעוויקלט, פֿאַר דער שוועל.
נאָך וואַרעם איז פֿון טאַטנס האַנט די פֿעל
פֿון ציגעלע. אין קוק זײַנעם דער צאַפּל

פֿון טאַטנס האַרץ: „געלאָזט עס לויפֿן,
כאָטש אויסגעוועגן יאַרידן עס צו קויפֿן,
אַ וויגעלע פֿון גאָלד אים צוגעגרייט

אין יענער שטוב״... וואָלט טאַטע וויסן
אַז גאַנץ דאָס ציגעלע, אַז זאַלבעצווייט
שפּרײַזן מיר אום אויף בערג, דעם קאָפּ פֿאַרריסן!

# קינדער

א.

קינדער שפּילן זיך מיט מײַנע שטערן.
לאַכן, ווען צוריק מיט זיי אַ קינד כ׳טו ווערן.

כ׳לויף, ווי זיי, אַ באָרוועסער אויף ברוקן.
כ׳טראָג, ווי זיי, אַ בלאָע וועלט אויף רוקן.

וויל איך — רײַטן מיר אויף שטראַל פֿון ניגון.
וויל איך — טוען טויען אונדז פֿאַרוויגן.

קלעטערן — איז שטענדיק פֿון באַגינען.
פֿרייען זיך — איז שטענדיק ביז פֿאַרכלינען.

נאַכט ניטאָ. כאָטשע ניט איין מאָל קניִען
הימלען, וואָס מ׳האָט ניט געטאָן דערפֿליִען.

דאָ אין חלום אַ פֿאַרכּישופֿט היטל.
אַ לבנה דאָ, וואָס שמייכלט אויף די ליפּן.

טוליענען זיך גראָזן. זענען מוחל,
וואָס די קינדער נעמען זיי ניט מיט צו הייכן.

ב.

איך זוך נאָך אַלץ אַ קינד,
פֿאַר וועלכן כ׳זאָל קאָנען אויפֿקלײַבן אַ בינטל שטערן,
עס זאָל זיך פֿרייען מיט זיי. ניט פֿרעגן ווער איך בין.

כ׳וואָלט דעמאָלט אַלע וועגן ווידער געפֿונען,
די וואָס פֿירן צו אַ וואַלד מיט ווערטער,
די וואָס שעמען זיך ניט אַרויסצוהירזשען
צו דער בלאָער וועלט.

און ניט דאַרפֿן פֿאַרענטפֿערן זיך
ווען איך רײַס אַראָפּ ווינדלען פֿון דעכער
און פֿלי מיט זיי אַרום, שיכּור,
איבער די קרוינען פֿון אַ ליד.

ג.

מיט די קלײנע טריט פֿון אַ קינד
קאָן מען נאָך אַלץ אויסמעסטן
צען מאָל, הונדערט מאָל,
דעם זעלבן װעג,
אַרומגײן דעם אײגענעם שאָטן,
ניט פֿילן װי ער װערט אַלט.

מיט די קלײנע טריט פֿון אַ קינד
קאָן מען נאָך אַלץ אַרויפֿקלעטערן אויף לײטערס,
װאָס מ'האָט זיך אויסגעטראַכט.
ניט װיסן,
אַז װאָרצלען זענען ניטאָ.

מיט די קלײנע טריט פֿון אַ קינד
קאָן מען נאָך אַלץ
נאָכלויפֿן פֿלאַטערלעך,
כאַפּן אַ שטיקל הימל אין האַנט,
מײנען: די װעלט
איז בלאָ.

ד.

כ׳עפֿן אויף
די ווײַסע טויערן פֿון אַ העפֿט
און לאָז אַרײַן
די קינדער אין זיי.
לערן זיי אויס מאָלן אַן אות
אויפֿשטעלן אַ כאַטע.
מלכות פֿון קינדער
אין אַ ווײַס העפֿט.
מײַן מלכות
אין אַ קליין קינד.

ה.

אונדזערע הײַזער —
געבוירענע אויף צו ברענגען גליק דער וועלט.

זיי קוקן אַרויף מיט דעכער צום הימל
און ווילן אים זען בלאָ.

זיי שטעלן אַרויס פֿאָרהאַנגען, שויבן צו דער גאַס —
מיידלעך זאָלן האָבן אין וואָס צו מעסטן זייער שיינקייט.

פֿאַרענטשעס און טרעפּ —
קינדער זאָלן זיך גליטשן,
פֿאַרגעסן, אַז דער טאָג איז קורץ.

ו.

ווען איך קום צו אַ ליד —
זוך איך דאָס קינד אינעם ליד.
די שטערן פֿון קינד.
די טרערן פֿון קינד.
און אויך זײַן שווײַגן
צו מאָל:
בלאָ אין אַ מיטן נאַכט,
טיף — לעבן אַ מוראַשקע.
גרויס און פֿאַרגאַפֿט —
בײַ זײַן שטיין
צום ערשטן מאָל
פּנים־אל־פּנים
מיט דער וועלט.

## צפֿת

א.

צפֿת דלמטה —
איז מײַן צפֿת דלמעלה.
שמות האַלטן זי צונויף,
בלאָע לײַטערס פֿירן זי אַרויף צום באַרג.

ייִדן אין שטרײַמלען
טראָגן זי שטענדיק צונויפֿגעלייגט
אונטער דער פּאַכווע,
אין טלית־זעקל.

יעדן פֿאַר נאַכט
נעם איך זי מיט אין מײַן אַלקערל,
הער אירע גרילן אין ווענט,
אירע מלאכים וואָס פּאַטשן אין פֿליגל,
אויף בוידעמער.

ערגעץ ווו
זיצט שוין אַ שוסטערל — אַ למד־וואָוו —
און קלאַפּט אַרײַן שטערן
אויפֿן שפּיץ דאַך.

לעמפּעלעך גייען אַרויס־אַרײַן
אין מײַן צפֿת־דלמטה — ווי גליווערעם.
אַ מאַמע רופֿט,
אַ שמש זעצט אין אַ שטענדער,

אַ מנין ווערטער
קומען זיך קליין צונויף
צו טאַנצן „קדוש"
אין מיטן וואָך.

ב.

הינטער בלאָע לאָדן
דרעמלען טערקלטויבן
דרעמלען ווענט
אין דעמער.

באָבעלעך
מיט טראָפּנס גאָלד אין אויגן
האַלטן וואַך.

דער קוילן־פּלאַץ *
אין זון
אויסגעקערט,
גרייט פֿאַר משיחן.

---

* אַ לעגענדאַרישער פּלאַץ אין צפֿת, אויף וועלכן ס׳וועט זיך באַווייַזן משיח. ניט ווייַט פֿון דאָרט וווינט די לעגענדאַרישע זקנה, איטע באַלטינעשטער, וואָס איז טעטיק געווען אין צייַט פֿון דער זעלבשטענדיקייט־מלחמה.

ג.

צפֿתער בלאָע װענט
צפֿתער בלאָע הימלען—
אַ פּרוכת אַזאַ
פֿאַר מײַן ספֿר־תּורהלע
— מײַן קלײן באָבעלע —
איטע באַלטינעשטער.

ליקעלעך אױסגעקערטע,
שבת־קודש־ליקעלעך,
קלעטערן אַרױף־אַראָפּ
אָפּצושפּיגלען זיך
אינעם שמײכל
פֿון מײַן קלײן באָבעלע
איטע באַלטינעשטער.

איבער קראָפּעװע,
איבער קאַליטקעלעך —
גאָלדענע פֿעדעם פֿון צפֿת
שפּינען אײַן מיך
און מײַן קלײן באָבעלע —
איטע באַלטינעשטער.

ד.

ניסים אין צפֿת.
מײַן שטעטעלע שפּאַצירט איבער די גאַסן,
ייִדן אין שטרײַמלען שטעלן מיך אָפּ,
פֿון אַלע חדרים קלאַפּט צו מיר מײַן רבינס שטעקן,
וויינט צו מיר אַרויס מײַן דין קול.

שײַבעלעך אין וועלכע איך שפּיגל זיך אָפּ
פֿאַרציִען זיך בלאָ.
באָבעלעך מיט טשיפּיקעס קוקן צו מיר אַרויס,
מיידעלעך מיט גאָלד אין די אויגן.

אויף שוועלן שטויסן מאַמעס
צימערינג אין שטייסל,
זאַפֿראַן,
קערלעך זון.

מײַן קליין טאַטעלע
שטייט אויפֿן שפּיץ דאַך —
ווערט העכער דער דאַך.

ה.

טרינק ניט קיין ווייַן אין צפֿת.
טרינק וואַסער, וועט עס זייַן ווי ווייַן.
מיט וואַסער בלויז קאָן מען דאָ אָנשיכּורן קעמלען.
די צפֿתער ליקלעך טאַנצן גאָר פֿון זיך אַליין.
לערן זיך טאַנצן פֿון די צפֿתער ליקלעך:
ריקוד פֿון קדושה, ריקוד פֿון ליכטל אין חצות,
ריקוד פֿון קראָפּעווע באַלויכטן דורך אַ שפּאַרע ליכט.

געוועגן צו בלאָע שפּינוועבסן אין צפֿת.
זאָג ניט אַז שפּינוועבס, זאָג ס'איז הימל,
זאָג ס'איז דער אויגן־אָפּגלאַנץ פֿון גאַלאַנטערס טאָכטער,
שלמה מולכוס כּלה. איר לכּבֿוד האָט דאָס אַלקבֿץ
די לידער זייַנע אויסגעצירט אין בלאָ, האָט מען די ספֿר־תּורהס
מיט בלאָע מענטעלעך באַהאָנגען: גאָלד אין בלאָ.
לערן זיך טובֿלען יעדע נאַכט אין בלאָ און גאָלד
פֿון צפֿתער ניגון. רייַטוועגן רייַטן דעמאָלט
בֿלאָ אין בלאָ.

און — „קאַטשע־דעכער" *. מאַך אַ וואַרע פֿאַר דער זון.
לערן זיך שעפּן זון פֿון צפֿתער שייַבלעך.
לערן זיך אָנקלאַפּן אין שטיבער ווו אַן עמער זון
באַלייַכט די טונקעלע ווינקלען. גיי ניט פֿאַרבייַ.

* צוויי מאָל אין יאָר „קאַטשעט" מען אויס מיט אַ „קאַטשעלקע"
די ליימענע דעכער פֿון דער צפֿתער אַלטשטאָט.

אין צפֿת איז יעדעס שטיינדל ראוי צו אַ קוש פֿון זון.
לערן זיך: פֿילן זון אויך דאָרט ווו זון ניטאָ.
אין יעדן שפּעלטעלע, ווו שמות שוויַיגן — זון.
אין זיידעס און אין באָבעס קנייטשן — זון.
לערן זיך „קאַטשן דעכער". זאָל זייַן אָרט פֿאַר זון.

ו.

אין שמאָלע צפֿתער בעטלעך
שלאָפֿן מיידלעך,
חלומען פֿון דה־לה־ריינה.
איך בין דה־לה־ריינה.
איבער רינוועס,
דאַך־פֿענצטערלעך,
כ'טו קומען צו זיי.

אונטער טליתים,
פֿאָרכטיקע,
צוגעבונדענע צו שטענדערס —
ייִדן פֿון תּיקון־חצות
וואַרטן אויפֿן אר"י.
איך בין דער אר"י.
איבער שטענדערס,
פּרוכתן,
איידל ווי אַ סטרונע,
וויַיס ווי מערמלשטיין —
כ'טו קומען צו זיי.

איך בין דה־לה־ריינה,
איך בין דער אר״י,
איך בין שלמה אַלקבֿץ
וואָס קלאַפּט אויס גאָלדענע אותיות
בײַ נאַכט.
פֿון אַלע ליקלעך
קלײַב איך אויף די געזאַנגען
און לייג זיי אַוועק, שיכּורע,
צו כּבֿיכולס פֿיס.
בֿײַ נאַכט קוש איך
די פֿיס פֿון כּבֿיכול.

# אין פקיעין

פֿאַר צופֿיה און אליאבֿ נהרין

א.

דורך שמאָלע ווינקלטרעפּ פֿירט מיך מײַן טראָט
אַראָפּ צו טונקעלער הייל פֿון שמעון בר־יוחאין.
דאָרט קאָן מען אויסטאָן זיך פֿון שטויב און שעהען,
זיך אויסשטרעקן, איבערשלאָפֿן שרעק און שפּאָט.

דאָרט קאָן מען ווידער אײַנזאַפּן אין זיך דעם סוד,
וואָס קרײַזלט בלאָ אַרויף פֿון סאַדזשעדיקע דנאָען,
אַ קנייטל אָנצינדן אויף שטיין אויף גראָען,
און בײַ זײַן שײַן זיך אײַנהערן ווי יעדער טראָפּ,

וואָס קאַפּעט פֿון אַ ווײַטער וועלט אַראָפּ אין אויער,
ווערט עיגול טוי וואָס גליט, ווערט זון, ווערט זוהר.
שאָטנס עסן גאָלד פֿון דײַנע הענט.

און דאָרט ווו הימל צו דער הייל געגענט —
וועלבט זיך אַן אַלטער באָקסערבוים, אַ שומר.
...וועלן אַהין דיר ניט מער נאָכיאָגן די רוימער.

ב.

אין פּקיעין וויקל איך צוריק צוויי טויזנט יאָר
און איך בלײַב שטיין ביים אָנהייב פֿון די סליאַדן,
וואָס האָבן שפּעטער מיך דערפֿירט דורך זון און מבול
ביז צו מײַן ייִדיש וואָרט, ביז מײַנע גראָע האָר.

וואָכיקע סליאַדן. טונקעלער מאַרק און ציגעלע דזבין
אבא בתרי זוזי, געקויפֿט פֿאַר גראָשנדלעך אַ פּאָר.
אוראַלטער טאַטע — איך אַליין, אויף וואָרער וואָר —
אַרײַנגעקומען אויף אַ רגע אין זײַן עולם הבא.

און שמאָלע טרעפּן־געסלעך דרייען מיך צוריק
צום זשאַווערדיקן ברונעם אויפֿן דנאָ פֿון פּקיעין.
מײַן מאַמע ווינקט צו מיר דורך קופּער פֿון אַ שויב,

אַז דאָרט ווו כ׳שטיי און וויקל אויף דעם שטריק,
איז ניט קיין זונפֿאַרגאַנג — איז אייביקייט, איז קיום.
...און איך געמיינט אַ מאָל, אַז קיום בלויז אין שטויב.

ג.

צו שמאָלע געסלעך, ווו מען רויכערט קיזיק, ווו עס שטייט
דער נאָגנדיקער זמר פֿון אַ בעל־מנגן —
שטעל איך מײַן אויער צו און בין מרגל
די ברוינע פּנימער אַרום, די פֿרעמדע רייד.

און אפֿשר בין איך גאָר אַזאַ חוני־המעגל,
וואָס האָט אַרויסגעריסן זיך פֿון קרײַז און קייט,
און איצטער, אין אַ שעה ווען זון פֿאַרגייט,
געקומען צו זײַן היים פֿון פֿאַרן מבול?

און קיינער קען מיך ניט. פֿאַרשטומט, פֿאַרקלערט
דער שקיעהדיקער מאַרק אַרום, די קראָמען.
אַן אַלטער דרוז קוקט מיר אַרײַן אין פּנים,

און ס׳הוידעט זיך אויף אים, ווי שיכור, דער קאָלפּאַק:
ער קען מיך ניט. איך בין אַ פֿרעמדער רק.
און אויך פֿון חוני־המעגל האָט ער ניט געהערט.

ד.

אין פּוסטער שול פֿון פּקיעין, ווו איך קום
אָנקניפּן אַ פֿאַרשטויבטן פֿאָדעם פֿון מײַן גורל,
זענען דאָ צוויי: אַ פּסולע ספֿר־תּורה
און אַ באַלעמער, אויכעט אַ בעל־מום.

איצט וועל איך זײַן דער דריטער. קוקן פֿרום
אין חלל אָפּענעם, ווו ס׳האָט געוווינט דער בורא,
הערן די שאָטנס אַרום מיר, וואָס פֿאַלן כּורעים,
און וויסן אַז ס׳איז נאָר דער שאָטן פֿון

דער אַלטער היטערין מיט בינטל שליסל.
זי פּינטלט מיט טראַכאָמע אויגן אונטער שאַל
וועגן אַ נס און וועגן טויזנט ניסים.

און מיט אַ מאָל האָט שקיעהדיקער שטראַל
מיט גאָלד באַגאָסן דעם באַלעמער פֿון פּקיעין:
צו זען, ווי שאָטנס רופֿן זיך אַליין אויף צו עליה.

ה.

אויף טונקעלע שוועלן קלאַפּט מען בשׂמים אין די שטויסלען.
די גאָלדענע עטרות אויף די שויבן גייען אויס.
הייבן אָן שטערן פֿאַלן אינעם שויס,
און לאַנגע שאָטנס קנוילן אין זיך איַין דעם דרויסן.

איז פקיעין וויַין אין אונדזער בלוט. פֿון כוסות,
וואָס קיינער זעט ניט, וואָס מען פֿילט זיי בלויז,
טרינקט מען זי שטייענדיק און מען ווערט גרויס
און גרייט מיט אַלע שטיינער דאָ אין גאַס זיך גרויסן.

און מ׳ווערט יונג. צוויי טויזנט יאָר און מער
אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון די פּלייצעס ווי אַ מאַנטל.
אין יעדן שטיין מ׳קאָן זיך ווידער דאָ באַהאַלטן

און וואָרצלען שלאָגן, ווידער ווערן שווער.
ליכט שפּראָצט אַרויס שוין פֿון אַן אָפֿן טירל.
אדון! — שפּרינגט צו אַ קינד — קומט קויפֿט דאָ „סוווענירן״.

# דאָרף אין גליל

### א.

דאָרף אין גליל. האָריזאָנטן
צערײַסן דעם פּלאָנטער פֿון טעג.
ניט געקוקט, וואָס איין הון קאָן פֿאַרשטעלן
די ברייט פֿונעם גאַנצן וועג.

ניט געקוקט, וואָס שטויב פֿון קדמונים
אויסגעשטעפּט פֿון אייזלשן טראָט,
ווײַזט, אַז אין גאַנג פֿון יאָרן
זיך גאָרניט געביטן האָט.

אַז מיט אַלע רעשן און רעדער,
איז מען אַלץ נאָך דער זעלבער, וואָס
געפֿינט אין גראָזן די מידות
און אין קליינע שײַבלעך די מאָס,

צו שטיין ביי אַ פּלויט און גלאַנצן
מיט אַ שמייכל פֿון ליד דערהעלט.
שרײַבן דער וועלט ראָמאַנסן —
ליכטיק זאָל ווערן דער וועלט.

ב.

צוריק צו דער שמאָלער סטעזשקע,
ווו פֿאַרגליווערט געבליבן די צײַט.
מיט וועלכן האָפֿט זיך פֿאַרמעסטן
אַז אָן האָפֿט דאָ יעדער פֿאַרבײַט?

דורך וועלכע בערג און וואַדיס
צעטרײַבן דעם קליינעם פרוווו,
צו פֿאַראַנקערן עולם־הבאס
אין די בענקשאַפֿטן פֿון אַ גוף?

צו באַגנוגענען זיך מיט אַ רגע,
וואָס נעמט וווּנדער און וועלט אַרום,
אַ דערפֿל פֿון גאָלד גיין אַנטקעגן
ווען ס׳ענדיקט זיך דער וועג פֿון זון,

און אין פֿרייד פֿון אַליין־זיך־געפֿינען
— ווען שאָטנס און סקאַלעס בלויז —
צו שטיין מיט אַ קאָפּ אין הימל,
אין לאַץ — אַ גליילער רויז.

# צפורי

גייט אַ מיידל צו דעם קוואַל פֿון צפורי —
רעדן אַלע זקנות לשון־הרע.
און די זקנים, זויגנדיק נאַרגילעס,
זשמורען קליינע אויגן פֿון רכילות.

זשמורען קליינע אויגן זקנים,
פֿאַר די טירן, אינעם סוד פֿון שכנים:
גייט אַ מיידל מיט אַ קרוג צו קוואַלן,
צווישן קוסטעס גאָלד זי ווערט פֿאַרפֿאַלן.

קעמט מען בערד און ווינקט זיך קלוגע איבער,
לאָזט מען קליינעם זיפֿץ אַרויס בציבור.
הדרת־פּנימדיקע, שיכּורע פֿון שקיעה
און פֿון בערג, וואָס טוען אין איר קנײַען.

און דאָס מיידל מיט די האָר צעלאָזטע
לויפֿט מיט בלוטן אין איר לײַב צעשפּראָצטע,
לויפֿט מיט פֿולע הימלען צווישן אָרעמס
צו די קוואַלן זוניקע צפּורים.

## סחנה*

א. דער קאָמאַנדיר

קליינער מיצרישער קאָמאַנדיר,
פּאַראייביקטער אין שטויב פֿון היעראָגליפֿן —
קום זע ווי דײַנע אייביקייטן טריפֿן
אַ בלאָע רגע ליד אַרײַן אין מיר.

קום זע ווי ס׳האָט אַ זוניקער באַריר
אַן אָזערע מיט מענטשן אויסגעשליפֿן,
ווי פֿישלעך אמתע פֿאַרבײַטן דײַנע מיפֿן
און וואָרע וואָר — דײַן וועלט פֿון איזיס און אָזיר.

און — לאַך פֿון זיך אַליין. פֿון ווערט און וואָג
פֿון דײַנע רײַטוועגן און פּאַפּירוסן.
זע ווי אַן אָזערע זיך וויגט אין זון און בליט או בלויט,

ווי מענטשן פֿאַרביקע זיך טומלען פֿרײַ צופֿוסנס
דעם באַרג גלבוע אין אַ יונגן טאָג —
ס׳איז פּרעה טויט! הוי, אַלע פּרעהס זענען טויט!

---

* אָזערע, צופֿוסנס די גלבוע־בערג.

## ב. שאול

קיין סחנה קום איך אָפּצאָלן דעם חוב
פֿון אוראורזיידן מײַנעם קעניג שאול,
וואָס האָט אַ מאָל, אין מלכותדיקסטע שעהען,
זיך דאָ אַ רגע פֿון התבודדות געקויפֿט.

און — שולדיק ער געבליבן: אויף די דנאָען
ווו פֿישלעך קומען זיך מיט זונשטראַלן צונויף,
האָט ער ניט אײַנגעקריצט זײַן ביטול צו דעם „הויף"
פֿון קריגסלײַט, מוסר־זאָגערס און גבאים,

וואָס האָבן יעדן טאָג מיט שאָטנס אים פֿאַרשטעלט,
דעם „הלל" — שפּילן נאָר געלאָזט דורך פֿרעמדע הענט,
און אים — פֿאַרשפּינט אין נעצן פֿון שגעון.

קום איך הײַנט אָפּצאָלן דעם חובֿ. און גאַנץ,
אָן מורא, גיב אַוועק איך אַלץ
פֿאַר אַ פּאָר אייביקייטן פֿון אַ טאָג אַ בלאָען.

## ג. בעלת אובֿ

אין שכנות מיט דער בעלת אובֿ.
זי קוקט אַרויס דורך אַ פֿאַרשפּינטן שייַבל,
זעט ווי עס טוט מייַן ייִדיש וואָרט פֿאַרשרייַבן
אין בלאָער אָזערע פֿון סחנה זייַן „כּי טובֿ",

ווי מיט די יונגע אָדערן פֿון סטראָף,
ווו ס'ציטערט זון און גרינט מיט גראָז און זייַדן,
טו איך די קנייטשן פֿון איר באַק צעטרייַבן
און גאַל און בייזע וואָרעניש פֿון סוף.

שמייכלט די בעלת אובֿ. און איך,
וואָס וואַרעם זיך די גאַנצע צייַט אָן בילד פֿון זיידן,
זע איצט דעם „זעער", הער פֿאַרגאַפּט אים ריידן

פֿון ווייַסער באָרד אַרויס. דאָס מיינט ער מיך.
דאָס מיינט ער אַלע וואָס אין האַרץ פֿון וועלטן
האָבן דעם שאָטן אָפּגעמעקט, מיט ליכט פֿאַרשטעלט אים.

# מגידו

א. פֿערד

דער יום־הדין נאָך ווײַט. דערווײַל
דאָ פֿעלד־פֿערדלעך אויף שטיינער פֿון מגידו.
דערווײַל קאָן מען דאָ אָפּרוען דעם פֿוס דעם מידן
אָן אַ צעפּלאַצטן זשאָלוב, אָנגעצייכנט מיט אַ פֿײַל.

דערווײַל קאָן מען זיך האַלדזן מיט אַ זײַל,
וואָס חוץ די שטופּלען גאָרניט אים געבליבן.
מיינען: אַ גאַנצע וועלט אויף אים פֿאַרשריבן,
און איצט האַלט מען אין האַנט זי — מײַל נאָך מײַל.

דערמאָנען זיך אָן מלך שלמה, וואָס
האָט דאָ זײַן אייביקייט געשמידט צווישן די זײַלן.
צען טויזנט פֿערד געהאַט צו איר צו אײַלן,
(פֿלינקייט פֿון פֿערד געווען פֿון אייביקייט די מאָס).

און שמייכלען: מ׳האָט מער גאָרניט וואָס צו שמידן.
אַפֿילו ניט איין פּאָדקעווע געבליבן אין מגידו.

תּחותּומס האָט די פּיַילן־שיסער ניט געשיקט. געפֿאַלן
איז שטאָט אונטער די קלעפּ פֿון די חבירו.
געמוזט האָט שלמה זיַינע פֿערד פֿאַרלירן
און זיַינע שטאַלן און זיַין גאַנצן האַרעם.

געמוזט האָט פֿאָדעם בלינדערהייט מיך פֿירן
פֿון די כּנענים אָן, דורך פּרעהן,
ביז סדום און גוג־מגוג — כּדי נאָך אַלעם
זאָל איך, אין ברילן אָנגעטאָן, אויף אַ פּאַפּירל

אויסרעכענען דעם מוסר־השׂכל פֿון
צען טויזנט יאָר זיך דרייען אונטער זון:
פֿאַרברענטע חורבֿות, קראָפּעווע און שטיינער.

געמוזט מגידו זיַין אַ בוך, אַז איך — דער לייענער —
זאָל אויך מיַין מוסר־השׂכל וואַרפֿן אויפֿן ווינט
און שטיין און גאַפֿן אויף אַ טאָג וואָס גרינט.

ג. די אורבאָבע

מײַן אורבאָבע פֿון מגידו לעבט. זי האָט
פֿון אירע אונטערערדן מיר געשיקט אַ זעקל,
איך זאָל אין אים איר אייביקייט אַנטפּלעקן,
ווען איך וועל זוכן אייביקייט: אַ טאָפּ

פֿון בראָנדז מיט אַ צעפּלאַצטן דעקל,
שפּינדלען פֿון העלפֿאַנטביין פֿאַרשריבענע מיט סוד.
פֿיסבענדער צו באַצירן יונג איר טראָט,
ווען קומען וועט משיח זי פֿון שלאָף דערוועקן,

און אויררינגלעך, ווי גראַנאַט־עפּל. זאָל
איר יעדער נאָכקוקן ווען זי וועט זיך ווײַזן
מלכותדיק איבערן מגידוער טאָל.

די גאַנצע שטאָט וועט זי דעמאָלט באַשפּײַזן
פֿון טעפּל אירן. און איר שפּינדל דין
אײַנשפּינען ווידער וועט די וועלט אין גרין.

# פּיטעס

פֿול די גאַס מיט ריח פֿון טאַבון *:
„פּיטעס" וואַקסן און אין זיי די זון.

זויגן זקנים איַין זיך אין די פּיטעס —
פֿילן טויזנט טעמים פֿון מתיקות.

פֿיַיער אונטערן טאַבון זיך צינגלט —
ווידער וועלט מיט זון אַרומגערינגלט,

ווידער שטיבער, ווידער וויַיסע גאַסן,
ווידער פּיטעס גאָלדענע אויף טאַצן.

...און פֿון זקנימדיקן מידן הויקער
שיילן אָפּ זיך יאָרן. ויהי בוקר...

---

* אַראַבישער באַקאויוון

## אין אַ נײַ דאָרף

שטיבער רינגלען מיך אַרום
מיט גרילץ פֿון פּאָפּוגײַען.
ווען כ׳וואָלט ניט האָבן די יִדישע גאַס אין זיך
וואָלט איך קלערן פֿון אַלי־באַבאַ.

זקנים הויערן בײַ שוואַרצן טאַבון
און באַקן אויס גאָלדענע פּיטעס.
ווען כ׳וואָלט ניט האָבן מײַן טאַטן אין זיך —
וואָלט איך זיך ניט בוקן צו זייער האַנט.

פֿרויען אויף שוועלן. באַלאָדענע
מיט אוירינגלעך און קמעות.
ווען כ׳וואָלט ניט זען אַ שטערנטיכל אין זייער אויג —
וואָלט איך ליב האָבן בלויז זיך אַליין.

## צו אַ דערוויש אין באר־שבֿע

א.

דו רופּסט אַרויס איין שלאַנג,
און נאָך אַ שלאַנג,
אויף אונטערצוהאַלטן דעם הימל —
נאָר די שלענג פֿאַלן ווידער
צוריק אין קויש.

אַלע וווּנדער־קרײַטעכצער
מיט וועלכע דו האָסט געפּרוּווט
פֿאַרריכטן די וועלט —
אויסגעוועפּט.
אַפֿילו דער בורנוס וואָס אויף דיר —
כּולו לאָך.

און אַפֿילו די קעמלען וואָס קומען צום יריד —
שווײַגן.
אויך אין זייערע הויקערס
פֿאַרגליווערט
דײַן צײַט.

ב.

דײַן כּפּיה * װאָס פּלעגט אַ מאָל צודעקן די גאַנצע שטאָט,
קאָן קוים אַרומנעמען דעם יריד פֿון פּערד
איין מאָל אין דער װאָך.

גאַסן
זענען קיין מאָל אַזױ לאַנג ניט געװען
װי איצט,
װען דו האָסט ניט מער אױף זײ
װאָס צו טאָן.

קיין מאָל ניט אַזױ גרױס דער מידבר
װי דער,
װאָס שפּאַרט צו דיר אַרױס
פֿון יעדער פֿאַרמאַכטער טיר.

---

* כּפּיה — אַראַבישער קאָפּ־צודעק

ג.

און אַז דו רופֿסט צו דײַן מידבר־גאָט
קומט ער ניט.
די ריזן פֿון דײַן טויזנט־און־איין־נאַכט
האָבן פֿאַרגעסן דעם וועג.
אַלע פֿײַער־פֿייגל
האָבן פֿאַרוואָרפֿן זייערע פֿליגל
און זענען אויסגעגאַנגען.
ניטאָ קיין שײַטער
אין דער גרויסער ווײַסער שטאָט.
ניטאָ קיין טויזנט־און־איין־נאַכט
סײַדן אין דײַן בלוט,
וואָס ווערט אַלט.

ד.

ווײַסע שטאָט.
אַזוי ווײַס, אַז מ׳זעט ניט מער דײַן שאָטן.

אַלע ברינעמער,
וואָס האָבן איר אַ נאָמען געגעבן — אויסגעטריקנט.

ווו וועסטו איצט אָנטרינקען די שטערן
זיי זאָלן ניט אויסגיין?

ווו וועסטו אָפּקילן די קלאַנגען פֿון דײַן פֿלייט,
זיי זאָלן ניט פֿאַרברענט ווערן
אין מידבר?

## צו סוצקעווערן

גוט איז צו טרעפֿן אין מידבר די אָאַזיס פֿון סוצקעווערן.
אויסשטרעקן ברייט זיך אין שאָטן פֿון אירע לילאָווע בלעטער.
פֿילן די פֿרישקייט וואָס פערלט אַראָפּ פֿון די הימלען.
און זײַן אַ פֿאַרכישופֿטער שותּף צו וואָרט אין געקלעטער,
צו קלאַנגען אין זילבערנעם פֿלי, צו שיכּורע הימנען.

און ליגן אַזוי מיט די ליכטן וואָס דרינגען
אַרונטער די לעדלעך פֿון אויגן. מיט קוואַלן.
פֿאַרוויגט זײַן אין בלאָען געשליף פֿון וואָקאַלן,
אין שאָרכן פֿון גראָז. אינעם שטילן געצינגל
פֿו וויַירויך־אין־ווײַסן־געצעלט, פֿון בלומען און פֿאַוועס.
אָ! ס'איז נאָך אַלץ דאָ אַן אָרט ווו מ'קאָן ווערן ייִנגער,
ווו מ'קאָן ווערן איינס מיט דער גרויסער התגלות:
מידבר. אַ געהאַלדזטע מיט זונען — די אָאַזיס.

# אַראַבעסק

קום מיט מיר
אין מײַן גאַס
ווו די וועראַנדע בלאָ,
ווו די וואַזאָנעס מיט מיענטע
פֿאַרשטעלן שטיפֿנדיקע אויגן פֿון וווּנדערלאַנד.
קוק ניט אויף קעץ וואָס שטוינען דיך אָן,
טראַכט ניט וועגן דער קליאַמקע וואָס זון האָט פֿאַרביטן אויף גאָלד —
קלאַפּ אָן. זײַ דער גאַסט
פֿון אַ סך שאַרנדיקע, לויפֿנדיקע טריט.
גיי אַרײַן. זײַ דער מלך פֿון אויסגעפּלאַסטערטן
קילן הויף, פֿון שפּרינגברונעם,
פֿון ציטערדיקן ריח פֿון העל *.
לאָז זיך אָנשיכּורן פֿונעם העל,
פֿון די בשׂמים־פּושקעס,
פֿונעם גרינעם ליכט וואָס טריפֿט אַראָפּ
דורך די דאַכשײַבלעך.
טרינק אויס דעם ווײַסן שמייכל פֿון ציינער
און וווּנדער זיך
וואָס דאָס פּיסקל פֿון נאַרגילע איז ווײַס ווי זיי.
פֿרעג ניט, ווו די שטיפֿנדיקע אויגן פֿון וווּנדערלאַנד —
זיי שלינגען דיך איצט אײַן פֿון הינטער יעדן שפּאַלט.
פֿרעג ניט ווו ס׳וווינט אַלי באַבאַ.
גיי אַרײַן.

---

* אַ מיזרח־געווירץ

## ירוחם

פֿאַרהאַקטע לאָדן אין ירוחם. עמעץ דאָ, וואָס האַלט
די וועלט צונויף זי זאָל זיך ניט צעפֿאַלן,
עמעץ וואָס לאָזט די טירן ניט צעפּראַלן
מען זאָל ניט בלײַבן בלויז מיט שטויב אין האַנט.

עמעץ דאָ, וואָס שפּינט פֿון ראַנד צו ראַנד
אַ פֿאַנצער אויס קעגן דעם ים פֿון שטראַלן,
מיט פֿלינקע פֿינגער נעמט אַרונטער אַלע —
מען זאָל פֿון צו פֿיל ליכט ניט ווערן אַלט.

און עמעץ דאָ, וואָס טראָגט אין זיך דעם פּחד,
ס'זאָל זיך ניט אָפּרײַסן דער פֿאַנצער מיט אַ מאָל,
אײַנוואַרפֿן אַלע ווענט און אויף אַ קול
זיך איבער אַלץ, וואָס איז געווען, צעלאַכן.

# נגבֿ

א.

מאַך אויף די טאָוולען פֿון נגבֿ.
פֿאַרשרײַב די סטעזשקעס וואָס זענען דאָרט אויסגעגאַנגען,
די הימלען וואָס זענען שטיין געבליבן.

בייג אָן דײַן פּנים צו די שטיינער,
און צייל אויף די פֿוסטריט, וואָס זון און ווינט
האָבן דאָרט איבערגעלאָזט.

מאָרגן וועט אַלץ זײַן אַנדערש
און דו וועסט מוזן אָנהייבן
פֿון דאָס נײַ.

ב.

ווערטער וואָס דאַרפֿן אַרומנעמען דעם נגבֿ.
מ׳קאָן ניט אַרומנעמען דעם נגבֿ מיט ווערטער.
מ׳קאָן אַפֿילו ניט אַרומנעמען איין שטיין.
און דאָ אַזוי פֿיל שטיינער אין נגבֿ.
אַזוי פֿיל גאָט.

ג.

געבוירענע נאָכן מבול —
וואָס נאָך איז אונדז געבליבן צו זען
חוץ די איַינגעפאַלענע פעסטונגען,
חוץ די קעמלען פאַרגליווערטע אין גאַנג,
רויטע שטויבן פון דורות,
בעקנס אָן וואַסער,
פייגל וואָס פאַלן אַראָפ
פון דער זון,
בלייַבן הענגען פאַרברענטע
אין מיטן פלי.

ד.

אַלץ וואָס איז גראָז געווען,
וואָס איז בוים געווען —
פאַרברענט.

וואָס האָט אַ נאָמען געהאַט,
וואָס האָט אַ פנים געהאַט —
פאַרברענט.

און אויך אונדזערע ליפן,
און די צונג וואָס האָט געקאָנט שטאַמלען אַ וואָרט,
דאָס וואָרט אַליין —
פאַרברענט.

ה.

אויג אין עבדת —
כ׳וויל דיר צוגעבן מײַן טרער,
דו זאָלסט גרעסער ווערן,
קאָנען אַרײַן נעמען מער הימל
מער וואַרעמקייט,
אויך פֿאַרן פֿויגל וואָס קרײַזט
אויך פֿאַר מיר.

ו.

לאָז אָפּ די זײַלן פֿון קופּער,
לאָז אָפּ.
דו וועסט זיי סײַ ווי ניט קאָנען אומוואַרפֿן —
לאָז אָפּ.
לאָז זיי ווײַטער אונטערשפּאַרן דעם הימל
וואָס איז קופּער ווי זיי.
קריץ ניט אין זיי אײַן דײַן נאָמען —
דער ווינט וועט אים אָפּמעקן
סײַ ווי.

ז.

וואַדי צין.
ווײַסער פֿון העלפֿאַנטביין.
ניט קיין וואַסערן האָבן דיך אָפּגעוואַשן,
נאָר די שרעק.
נאָר די לבֿנה בײַ נאַכט.

ח.

גלעקער אין עבֿדות
רופֿן ניט מער צונויף שטויבן,
שטעלן ניט מער אַרויס רײַטער אויף שפּיץ בערג.

נבֿטים וואַרפֿן ניט מער איבער
דאָס גאָלד אין די קאַסטענעס,

קלינגען ניט מעסערס
אין אונטערגייענדיקער זון.

פֿרויען אין שוואַרץ
קומען ניט מער אַנטקעגן.

ט.

באַהאַלט מיך אויס אין ירוחם.
זע די סקאַלעס וואָס רינגלען מיך אַרום,
זע די הימלען וואָס פֿאַלן אויף מיר אַראָפּ ווי שטויב,
זע די זון — טונקל פֿון צו פֿיל ליכט —
ווי זי נישטערט צו מיר אַ וועג
מיך אַרײַן צו נעמען,
מיך אויסצוזייגן,
מיט אירע טויזנט פֿינגער
מיט איר פּנים פֿון סדום.

## תּפילה

צו קוואַלן אונטערערדישע טראָג איך מײַן תּפילה: לאָז
ניט פֿאַרברענט װערן די שטיבער פֿאַר דער צײַט. לאָז פֿילן
אויף ליפּן װידער טעם פֿון בלום און בלאַט. צעשפּיל אין
די אָדערן דאָס געזאַנג פֿון פֿייגל. װאָס
איז דען ליכטיקער אין אויגן װי אַ טאָװל גראָז,
װאָס שטויב טוט ניט פֿאַרדעקן? תּפילה
צו קינדער אויפֿן גראָז... צעלאָז
די װאַסערן. צעברעך די פּענטעס,
אין װעלכע דו האָסט זיי פֿאַרשפּאַרט. צענעם
די סקאַלעס. אויך מײַן װאָרט פֿאַרברענט איז
פֿון צו פֿיל װאַנדערן אין מידבר. געגען
און קום אַרויף. קוואַל. אָטעם. װי אין
דעם מידבר, אַזוי אויך אין מײַן װאָרט. כ׳טו קני׳ען.

# הײַזקעס אין מידבר

הײַזקעס אין מידבר —
ווי האָב איך אײַך אַלע געלאָזט אַרויסגײן
פֿון מײַן טאָרבע
ווײַסע און פּאָרכטיקע —
אַז אַפֿילו קײן וואַסער האָב איך פֿאַר אײַך
ניט צוגעגרייט?

ווי אײַך געקאָנט אַרויסשטעלן אין ווינט
און אַפֿילו קײן אײן גראָז אײַך ניט מיטגעגעבן
אויף אײַך צוצודעקן?

הימלען וואָס ליגן אויף אײַך
זענען גלאָז וואָס די זון וועט באַלד צעברעכן
אויף אײַער קאָפּ.

וואָס וועט איר טאָן
אין אַ ים פֿון צעבראָכענעם גלאָז?

## אַגאַוועס*

אַגאַוועס אין מידבר —
גרינער כּתבֿ צו דער אייביקייט,
ערשטער אָנזאָג פֿון אַ וואַלד.

מיר וועלן נאָך אַ מאָל דאָ
אַרומבלאָנדזשען פֿון שאָטן צו שאָטן,
זוכן אַ פֿאָדעם פֿון אַ שטראַל.

מיר וועלן נאָך אַ מאָל דאָ
אויפֿקלייבן שטערן,
זיי אָנטאָן אויף אונדזער געוואַנט.

קליינע,
ווי אַגאַוועס אין מידבר —
וועלן מיר נאָך אַרויסוואַקסן,
זיך פֿאַרמעסטן
מיט דער גאָרער וועלט.

---

* אַגאַוועס — מידבר־געוויקס

# עיגול

לייגן מיר אָפּ שטערן. לייגן אָפּ גאַנצע עמערס.
גוט צו וויסן, אַז יעדער שטיין וואָס מיר וועקן אויף
וועט האָבן אַ האַפּט,

אַז יעדע שטוב וואָס מיר האַלדזן אַרום,
יעדער גאָרן וואָס מיר לאַשטשען אויס,
זענען אײַנגעוואָרצלט
אין אונדזערע הענט.

מעגן זיי חלומען פֿון לאַנדאָנס, פּאַריזן —
ווײַטער פֿון כעלעמער עיגול
וועלן זיי ניט דערגיין.

*

ניט איר אַליין בויט אויס הײַזער.
ניט איר אַליין פּלאַסטערט אויס אייביקייט.
מײַן וואָרט איז אַ שותּף צו אײַך.
מײַן חלום איז אַ שותּף צו אײַך.

אויך מײַן שפּראַך וועט האָבן אַ חלק
אין דער זון וואָס איר צינדט אָן,
אין די ווינדלען וואָס איר הענגט אויס.
ביימער, גראָזן, בלומען
וועלן גיין געאָרעמט
אויך מיט מיר.

## יום־טובֿ

יום־טובֿ פֿון אויפֿקלײַבן פֿרוכטן. נאָכגיין דעם וואָגן,
וואָס מיט כאַטעס און שטערן און זון ביז צו ברעגעס באַלאָדן.
צופֿײַפֿן שטיל זיך. גאָרניט איצט דאָ וואָס צו זאָגן.
ווײַל צײַט נאָך געגוג און מ׳דאַרף דאָך ניט קיינעם דעריאָגן.

גאָרניט פֿאַרזשאַווערט און אַלט. אָנגעטאָן אַלע אין שמייכל,
ווי ס׳האָט אויפֿגעכאַפּט זיי דאָס אויג און באַזילבערט דער שׂכל
פֿון ערשטן טאָג אָן. ניט געטריבן צו הייכן,
ווײַל גוט אונדז אַזוי און מען דאַרף דאָך ניט קיינעם דערגרייכן.

קליינע און גוטע און שטילע. אַלע אין איינעם
מיט זייערע שוועלן אין מאָך, מיט זייערע דעכער און פֿליינען,
געצײַטיקטע אַלע אין האַרץ, אַלע פֿרוכטן פֿון היימען.
און זיי אונדז געגוג. און מען דאַרף דאָך ניט נאָכלויפֿן קיינעם.

און אַז יאָרן לאַנגע אַוועק פֿון זינט ס׳האָט אַ ייִנגל
אין ליכטיקע נעכט אויפֿגעסיליעט רינגל נאָך רינגל
פֿון אַ פֿאַרכישופֿטער קייט, נאָר געקאָנט ניט דערזינגען
די שפּע אין זיך — צי דאַרף מען דען עפּעס דערזינגען?

יום־טובֿ פֿון אויפֿקלײַבן פֿרוכטן. פֿול דער זכּרון
מיט לידער וואָס מ׳דאַרף נאָך אַרויפֿלייגן, קלאַנגען און ספֿרים;
קוקן אַרום זיך און זען: מען האָט גאָרניט פֿאַרלאָרן.
זאָל זשע פֿאָרן זיך וואָגן... צי מוז מען דען ווען דערפֿאָרן?

# שטיבער

שטיבער מײַנע —
נאָך אַלץ ווײַסע, ציכטיקע,
מיט אַ סך גראָז אין די שויבן.

סטעזשקעס לויפֿן צו זיי נאָך אַלץ
יונג,
מיט אַ סך באָרוועסע פֿיס
פֿון קינדער.

פֿירהענגלעך האָבן נאָך אַלץ
שמייכלען.

און אויך דעכער — רויט.
און אויך קליאַמקעס פֿון טירן —
גאָלד.

## דער פאָדעם

די נאַקעטקייט פֿון דער ערד, אָפּגעשפּיגלט אין דער נאַקעטקייט פֿון אונדזער בלוט,
האָט וואָגיקער געמאַכט יעדן שטיין, נעענטער געמאַכט דאָס גראָז,
האָט אָנגעצונדן אין אונדז דאָס ליכט פֿון אַ ווײַסער כאַטע,
צונויפֿגעזעצט אונדז אַלע אַרום אַ שטערן אין שויב.

טיפֿע געווען די וואָרצלען פֿון אַן אָרעמען טיש באַקרוינט מיט שוואַרץ ברויט
מיט טשערעפּענע שיסלען זויערמילך. די צינערנע גאָפּל־לעפֿל
האָבן אויסגעקלאַפּט דעם ניגון פֿון אַ היים;
בלאָע שאָטנס האָבן שווערער געמאַכט די הענט,
און אַ מיד אויג האָט דאָס אַלץ געקאָנט אַרומנעמען.

איז מען געשלאָפֿן מיט אַ נידעריקער וואַנט צוקאָפּנס.
נידעריק געווען די שוועל וואָס האָט אַרויסגעפֿירט צום האָריזאָנט.
פֿון איין אָפֿענער טיר צו דער צווייטער האָט זיך געצויגן אַ פֿאָדעם
וואָס איז געווען שטאַרק. קיינער האָט אים איבערגעריסן ניט געקאָנט.

## צו די ניַי געקומענע

כ׳פאַרשטיי ניט
דאָס וואָס איר רעדט צו מיר.
אַלץ איינס,
כ׳וועל קיין שטיין אײַך ניט ברענגען שטאָט ברויט.
כ׳נעם צונויף אַלע זונען אין אויגן
זיי זאָלן אַנטקעגן גיין אײַערע זונען.
אויף מײַנע דלאָניעס זעץ איך אויס לענדער און ימען
יאָרן און טעג,
אַלץ וואָס כ׳האָב געהאַט און איך האָב.
זיי שמייכלען,
זיי טרעפן זיך צונויף מיט אײַערע
אין מיטן וועג.

## גאָרן

דאָ אַזוי פֿיל ליד אין יעדן גאָרן:
נעם צונויף אַ פֿולע זשמעניע זון,
קלעפּ זי אָן אויף שפּאָגל נײַע שויבן
און די גאַסן וועלן ליכטיקער אַרום.

דאָ אַזוי פֿיל ליד אין יעדן גאָרן.
אויפֿן העכסטן שפּילט די פֿלייט אַליין.
און דו דאַרפֿסט בלויז צולייגן דײַן אויער
אויף צו וויסן ווי די וועלט איז קליין.

*

די נײַע שטיבער
האָבן דין־דינע פֿידלען אויף די ווענט.
זיי שפּילן דיר צו ווען דו גייסט אין זיי אַרײַן.

בײַם ברעג פֿון טיש —
דאָס ברויט וואָס וואַרט אויף דיר
פֿון סאַמע בראשית אָן.

דורך דער שויב
שיקט די זון אַרײַן שטראַלן
צו זען
ווי דו ביסט גרעסער געוואָרן
מיט אַ קאָפּ.

# גראָזן

א.

שפּראָצן גראָזן אַרויס בײַ נאַכט
פֿאַרפּלייצן גאַס און גאָרן.
גראָזן פֿון בענקשאַפֿט, גראָזן פֿון היים —
גראָזן פֿון מײַן זכּרון.

ווי חסידים אין לבֿנהשער שײַן,
ווען עס וואַקסן לייטערס צום הימל.
גראָזן אין דבֿקות, גראָזן אין טאַנץ —
ווײַס־זאָקיקע גראָזן דינע.

גראָזן פֿון זילבער, גראָזן פֿון זײַד,
נאַכט פֿאַר דער נאַכט פֿאַרשטעלן,
טוען פֿאַרשפּינען די נײַע שטאָט
וואָס אָנרופֿן וועל איך כּעלעם.

ב.

אונדזער בלאָער שטיין פֿון חכמה
קומט נאָך אַלץ פֿון אַ פֿאַרכּישופֿטן ברונעם,
ווו זיידעס ווײַס־זאָקיקע פּרעפּלען,
ווו ציגן דרייען זיך אַרום
מיט פֿאַרריסענע קעפּ,
ווו אַ קליינע קינדערישע האַנט
פֿאַרשרײַבט אויף אַ פֿאַרנאַכטיקן הימל
אַן ערשט ליד.

# פאָלקסמאָטיוו

כאָטעס טוען אָן אויף זיך גאָרנס.
אויך צו גאָרנס וועל איך זײַן געניט.
אין נײַעם סקריפּ פֿון קאַראָמיסל
וועט ציטערן דאָס אַלטע ליד.

אין נײַעם סקריפּ פֿון קאַראָמיסל
וועט דאָס וואַסער זײַן קלאָר ווי אַ מאָל.
שטערן וועלן זיך גיסן,
און ניט זײַן ווער פֿאַרלעשן ס׳זאָל.

איבער טרעפּ וועל איך דאָס מאָל פֿליִען
מיט עמערס אַרויף אַראָפּ.
ווער זאָגט אַז שווער זענען עמערס
ווען פֿון כעלעם איז פֿול דער קאָפּ?

פֿון כעלעם דער גאַרטל און קאַפֿטן
פֿון כעלעם די שטיוול אויך.
און אַ בלאָע לבֿנה פֿון כעלעם
טוט בליִען אין דער סאַמע הויך.

## עלעגיע צו בײמער

ביימער — ניטאָ.
ביימער וואָס איך האָב אַזוי ליב געהאַט.
וואָס איך האָב זיי געפּילט אַרויסוואַקסן פֿון מיר,
צונויפֿוואַקסן מיט מיר,
וואָס מיט זייערע צווײַגן האָבן זיי מיר אַראָפּגענידערט
די לבֿנה.
ביימער אין וועלכע איך האָב אײַנגעפֿלאָכטן מײַנע לידער.
די ערשטע — שיכּורע פֿון שטערן,
די שפּעטערע — שיכּורע פֿון זיך אַליין.
דאָרט זענען געווען מײַנע וועוועריקעס,
מײַנע פֿלאַטערלעך,
מײַנע חלומות אויפֿגעשריבענע מיט אַ בלאָען כּתבֿ.
ניט איין מאָל ליגנדיק אונטער אַ בוים
בין איך אַוועקגעשווומען העט מיט די הימלען
און גאָרניט געווען אין מיר חוץ הימל און בוים.
ביימער בלײַענדיקע,
ביימער מיט ווײַסע כאַטעס אונטערן אָרעם.
יעדער בוים מיט זײַן כאַטע.
יעדע כאַטע
צוגעטוליעט צו אַ גרינעם שויס.

# שטערן

קום לאָמיר זיך אַראָפּלאָזן צו דער קילקייט פֿון שטויב.
אָוונט, ווען שטערן זוכן זיך אַ נעסט.
פֿאַר טאָג, ווען מיר באַגלייטן די שטערן אַהיים.
זאָל זיך אונדז דוכטן אַז מיר וואַרעמען זיי אָן.
עמעץ מוז דאָך פֿילן אַז שטערן,
ווי נאָנט זיי זאָלן ניט זײַן,
ווי גרויס און גרין זיי זאָלן ניט גלאַנצן,
זוכן דאָך אויך אַ קליינע אומזיכערע האַנט
וואָס זאָל זיי אויפֿקלייבן,
וואָס זאָל זיי אויסגלײַכן די קנייטשן,
און אָנוואַרעמען
כאָטש מיט אַ גלעט
כאָטש מיט אַ קליין וואָרט.

## שטיינער

שטיינער דאָ די זעלבע:
קריגן זיך פֿאַר נאַכט אַרום
צי ווען ליגן עמעצן צוקאָפּנס.
נאָר ס׳וואַקסן מער קיין לייטערס ניט
פֿון זיי צום הימל.
אפֿשר גאָר דער גייער מיד —
ניט ראוי צו אַ לייטער.
אפֿשר מלאכים גאָר —
באַהאַלטן זיך אין חומש,
ווײַל אין הימל
קאַלט?

# קיסריה*

פאַר רות און ארני שטיין

א.

הורדוס האָט דאָס פֿאַרשטאַנען. ער האָט שטיין נאָך שטיין
צונויפֿגעטראָגן פֿאַר אַ שטאָט פֿון כוואַליעס און פֿון ווונדער.
ער האָט אַ שטיקל וועלט מיט מאַרמאָר אָפּגעזונדערט,
מיט זון באַגאָסן, אַז ס׳זאָל זײַן אַ היים

פֿאַר אים, פֿאַר די סירענקעס זײַנע און פֿאַר הונדערט
דורות, וואָס וועלן פונקט ווי ער פֿאַרשטיין
דעם סוד פֿון צווישן וועלטן זײַן אַליין
מיט בלויז די כוואַליעס, די סירענקעס, מיט דער זון דאָרט

וואָס מיניעט זיך אין פורפור, ציטערט
אַ טאָגע אויף דיר אויס און גיט דיר
דאָס וואָס די אויגן זעען וואָס דער מוח גלוסט,

אַז צווישן זאַמד און כוואַליע דאָ אַ רגע
— ווען וועלטן זענען צו דיר עולה־רגל
...דאָס אַלץ האָט אָבער בײַבאַרס ניט געוווּסט.

---

* הורדוס האָט די שטאָט אויפֿגעבויט, בײַבאַרס — חרוב געמאַכט.

ב.

דער ים־שוים גליט. אין יעדן טראָפּן שוים
כּישופֿט אַ לאַכנדיקע אַפֿראָדיטע.
ניט ער, זי האָט אין הענט די שליטה
אויף די חלומות זײַנע, אויף זײַן קרוין.

פֿאַר איר האָט ער זײַן היימאָרט אויסגעביטן
און שׂנאה אײַנגעהאַנדלט זיך, שטאָט לוין.
וואָס זענען אָבער חשמונאים, און וואָס רוים,
קעגן דעם גאָלד וואָס בליט אויף אירע ליפּן,

קעגן די אייביקייטן פֿון איר גנאָד?
קיסריה — בלויז אַ נאָמען. ס'א'יז די שטאָט,
וואָס ער האָט אויפֿגעבויט בײַ זיך אין ברוסט

אַ פּוסבענעקלע צו אַפֿראָדיטעס שמייכל.
מיט אים טוט ער די גאַנצע וועלט דערגרייכן —
...דאָס אַלץ האָט אָבער בײַבאַרס ניט געוווּסט.

ג.

אַ בלאָע שטאָט. Per Aspera ad Astra *
טראָגט זי איר גורל אײַנגעפּלאָכטן אין די ווענט.
אויב ס'האָט אַפּילו זי די צײַט פֿאַרברענט,
אויב חורבות דאָרט — ווו גאָלד געווען געפּלאַסטערט,

אויב ס'האָט דער מידבר־שטורעם איר אַלבאַסטער
מיט שטופּלען און מיט קעמלטריט געשענדט —
זי שטייט נאָך אַלץ בײַם ברעג פֿון ים און קעמט
די כוואַליעס אירע יעדן טאָג, פֿאַרחתמעט

איר גורל אין די שטיינער. זאָלן
זיי שטום, פֿאַר איר, די אייביקייט צעמאָלן.
זאָל אויך די אייביקייט אַ מאָל זײַן פּוסט.

און ווידער וועלן בליזען ווענט אויף סקאַלעס,
און אַפּראָדיטעס וועלן רײַטן אויף די כוואַליעס.
...דאָס אַלץ האָט אָבער בײַבאַרס ניט געוווּסט.

---

* דורך געראַנגל — צו שטערן.

# באַניאַס

פאַן —
גאָט פון פייפל,
גאָט פון די גרויסע וואַסערן.
פון די טרערן,
וואָס האָבן גרעסער געמאַכט די וואַסערן
אין יאָר ניינצן זיבן און זעכציק —
מיין פנים קוקט אַרויף הויך
צו די בערג, ווו מ׳האָט דיך אויסגעטראַכט
און וויל דיך זען וואָר.
מיינע אויגן ווילן דיך זען וואָר.
היינט איז אַלץ וואָר:
דער שטויב, די זון און די טרערן.
לייג אויך צו מיין טרער
און פיר זי אַוועק
צום געזאַלצענעם ים.
נעם אַריין אויך מיין טרער
אין דיין פייפל.
צו בלאָ דער הימל,
צו קורץ מיין האַנט.

# מלחמה

געוועו נאַכט. הייס.
דזשיפּן זענען אַרומגעפּלויגן ווי גליוווערעם.
הינט האָבן געבילט.
ווײ, מײַנע קלײנע שטיבער —
אַרויסגעקלונגען האָט מען אײַך אין מיטן שליאַך,
צעפראַלט אין אײַך אַלע טירן,
אָנגעלאָדן אויף אײַך דעם פחד ווי אַ זאַק.
ווו זענען אַהינגעקומען מיט אַ מאָל די ווענט ?
קינדער האָבן זיך געריסן צו אײַערע פּאָלעס,
נאָר פּאָלעס זענען מער ניט געווען,
ווײַסע ווענט ניט געווען.
דזשיפּן זענען אַרומגעפּלויגן ווי גליוווערעם.
געוועו נאַכט. הייס.
הינט האָבן געבילט.

✶

שטילקייטן הענגען אין לופּט ווי רויך.
שטיינער וואַרעמען זיך אין זון
צוזאַמען מיט יאַשטשערקעס און מיט ווילד גראָז.

אויסגעליידיקטע שליאַכן.
לאַנג, לאַנג הויערט אויף זיי די צײַט.
פֿייגל ניטאָ. ניט קיין שאָטן פֿון כמאַרע.

לאָדן פֿאַרריגלטע ביז בלוט.
אין די פּוסט־פּוסטע שטיבער
דרייען זיך אַרום קעץ
הונגעריקע, מיט טויט אין די אויגן.

## געזאַנג פון פרויען

מיר האָבן מורא פֿאַר דער נאַכט.
שאָטנס זענען קעגן אונדז אויפֿגעשטאַנען.
לבֿנה איז אַוועק צום שׂונא.
זי קוקט צו אונדז אַרויס
פֿון יענער זײַט באַרג.

מיר האָבן מורא פֿאַר דער נאַכט.
אויגן פֿון קינדער זענען אין אונדזער בלוט.
פֿינגער קלאַמערן זיך אָן ווי דערנער,
שטעכן,
צערײַסן דאָס האַרץ.

פנים צוגעדריקט צו דער שויב.
דאָרט ווו ס׳הייבן זיך אָן די שליאַכן,
דאָרט ווו פּחד צונויפֿגעקנוילט ווי אַ שטיין.
גרינע שטערן קייטלען זיך אַרײַן אין דער נאַכט —
אַהין זענען אַוועק אונדזערע מענער.

## פחד

פחד —
בלײַבן אַליין אין אַ ווײַסער שטאָט
וואָס די זון האָט אַדורכגעגליט
ביז צום לעצטן שטיין.

פחד —
מײַן שאָטן זאָל זיך ניט אָפּרײַסן,
מיך איבערלאָזן
נאַקעט.

פחד —
מײַן אָנשפּאַרן־זיך־אָן־אַ־טיר
זאָל פּלוצעם
ניט אײַנוואַרפֿן
אַלץ.

## שטעט ווייסן ניט

שטעט ווייסן ניט,
שטעט ליגן אין די זײַדענע קישנס,
רויכערן דעם בלאָען רויך פֿון זייערע טעג.
שטורעם דערגייט ניט צו דער טיפֿקייט פֿון זייערע שויבן.
זונפֿאַרגאַנג קנוילט ניט צונויף דעם פּחד
איבער דעכער, שליאַכן, שטויב.
שטעט שפּרינגען ניט אַרויס בלייכע
מיט צעפּאָלאָשעטע האָר.
כ'האָב מורא פֿאַר די גרויסע שטיבער
וווּ עס וואַכט ניט קיין נאַפּטלאָמפּ.

*

כ׳בין מיט יעדער הײַזקע בײַם גרענעץ,
וואָס קנוילט זיך צונויף ווי אַ יעזש.
דאָס האַרץ פֿונעם יעזש —
איז אויך מײַן האַרץ.

כ׳בין מיט אַלע וועגן
וואָס לויפֿן אין דער לענג, אין דער ברייט,
פֿירן צו גרענעצן,
רינגלען מיך אַרום.
יעדער שטיין אויף די וועגן
איז אויך אין מיר.

מיט די יינגלעך בין איך,
די וואָס לאָדן אויף זיך אָן
שטעט און דערפֿער,
טאָלן, בערג.
און אויך מיך.

און מיט די מאַמעס —
די אײַנגעהילטע אין שוואַרץ,
די וואָס שטייען בײַ ברעגן,
די, וואָס יעדע טרער זייערע,
דעקט צו דעם גאַנצן ים.

# ערגעץ ווו

א.

ערגעץ ווו איז אַראָפּגעפֿאַלן די שרעק.
ערגעץ ווו האָט אַ כאַטע זיך אָפּגעווענדט
פֿון דער זון,
זענען טישן אויסגעגאַנגען אין קנייטשן.
קוק ניט אַרײַן אין פּנים פֿון מאַמע דאָרט.
פֿרעג ניט: ווי אַלט.

ב.

כאַטעס — אַלט געוואָרענע פֿאַר דער צײַט.
כ׳קום הײַנט ווײַנען איבער אײַך
צוזאַמען מיטן ירדן.
ניט ער און ניט איך וועלן קאָנען
ווידער ווײַס מאַכן אייערע ווענט.
ניט ער און ניט איך
ווידער אויסגלעטן אײַערע קנייטשן.
אײַנגעהויקערטע דאָרט ווו איר זיצט
און איר שווײַגט —
ניט ער און ניט איך
וועלן ווידער צעשפּילן קינדער
אין אײַך.
און ניט גאָלד
און ניט בלום.

## דו

לזכר קלמן בלעכאַזש

דורך אַלע בלינדע שטעט
זוך איך דעם וועג
וואָס כ'האָב צו דיר פֿאַרלאָרן.
אַפֿילו ווערטער לײַכטן ניט,
און יעדער שטיין קלאַפּט שווער
און טונקל
אָפּ אין האַרץ.

מיט רײַטוועגן,
מיט הויכן בריאַזג פֿון קייטן
לויף איך מיט.

*

שטויב דעקט אַלץ צו,
נאָר ניט דײַן קול.

פֿון אַלע זונען
וואָס גייען אונטער רויט —
הער איך דיך רופֿן.

ערגעץ טיף אין מידבר,
ווו מײַן תּפֿילה ענדיקט זיך —
דו.

*

איך האָב די שטוב אָפּגעוואַשן
מיט טרערן,
נאָר זי איז ווידער ניט געוואָרן ווײַס.

בלומען האָב איך אַוועקגעשטעלט
אויפֿן טיש —
זענען זיי אויסגעגאַנגען.

מײַן האַרץ
האָב איך אַוועקגעלייגט אויף דער שוועל,
אויסגעקוקט.

וועגן זענען געקומען אײנציקווײַז,
פֿאַרשטויבט,
דו ביסט ניט געווען.

*

ווען מ׳האָט דיך פֿאַרביטן אויף שטיין
האָבן בערגלעך מער ניט געטאַנצט
זענען וואַסערן ניט געגאַנגען מער אויף צוריק.
פֿעלדער האָבן אײַנגעצאַמט זייער אָטעם
און זיך געוואָלט אויסבאַהאַלטן,
מיר האָבן זיך געוואָלט אויסבאַהאַלטן
ניט זען דעם שטיין וואָס איז איצט געווען דו. דײַן נאָמען
אויסגעקריצט מיט שוואַרצע אותיות. געוואָלט אויסברענען
שוואַרצע אותיות אויך אין זיך. ווערן שטיין.
ניט הערן דאָס כליפּן וואָס גייט אין אונדז אויף,
דאָס זעגן פֿון מידקייט אין פּיס.
טיפֿער, טיפֿער געוואָלט אַראָפּלייגן זיך אויף דער ערד
ראַנגלען זיך מיט דער ערד.

# ירדן

א.

טרערן האָבן גרעסער געמאַכט דעם ירדן
ער רינט איצט איבער די באַקן,
פֿאַרפֿלייצט שטיבער און גערטנער
שניידט אַדורך דאָס האַרץ.

יעדע נאַכט קלאַפּט ער אָן
אין אונדזער חלום
לאָזט אונדז ליגן מיט אָפֿענע אויגן
צו דער וועלט.

יעדע נאַכט קלעטערן שאָטנס
איבער זיינע פּלויטן.

הינטער קוסטעס פֿאַרטייעט
לויערט ער ביי טאָג
ווי אַ שלאַנג
וואָס האָט אַלע בערג איינגעשלונגען.

באַלד וועט ער איינשלינגען
אויך די זון.

ב.

דו טראָגסט אַוועק מײַן פּנים,
טראָגסט אַוועק דאָס גאָלד,
פֿון דער זון,
טראָגסט אַוועק זיך אַליין,
וואָס כ׳האָב דיך געפּרוווט
פֿאַרהאַלטן מיט אַ וואָרט.

און מײַן פּנים וועסטו זײַן נאַקעטער.
נאַכט וועט דיך אַרומהילן
מיט שאַקאַלן,
שטיין וועט וויינען,
קיין איין שטערן וואָס וועט אַראָפּפֿאַלן
וועט ניט אָנצינדן מער אין דיר
אַ ליד.

ג.

פֿון דײַן בלאָקייט,
דאָרט אין די הייכן,
שטרעק אויס דײַן האַנט
איבער די וואַסערן,
שטיל זיי אײַן.

לאָז ניט קיין סמבטיון
ווערן דעם ירדן.
האַלט אײַן די פֿייערן,
מעק זיי אָפּ.

מיט די שטיבער,
מיט די קינדער אין אונדז,
טיף אין די באַהעלטענישן,
הויך אויף די באַרגשפּיצן,
מיר קניִען צו דיר.
הער אונדז אויס.

ד.

הימלען האָבן באַהאַלטן זייערע שטערן.
איילבּערטביימער — זייערע איילבערטן.
מיר גייען אין אַ לאַנד אָן שטערן.
דערנער אין אונדז.

און מיר האָבן דאָך אַלץ אויף שטערן אויסגעבעט.
שטיבער ווײַסע אויסגעציטערט מיט אַ פּלייט.
געוואָלט צוקומען צו די גרויסע קוואַלן,
צו דעם האַרץ פֿון שטיין.

און מיר האָבן דאָך געהאַט אָנגעטאָן אונדזער פּנים
מיט דער גאַנצער פֿרייד וואָס האָט אַרויסגעשפּראָצט
פֿון אַ גראָז
פֿון אַ בלום
פֿון אַ קליין קינד.

ה.

הײַזקע קלײנע —
וואָס דו האַלטסט אויף דעם ירדן
ער זאָל ניט אַרויס פֿון די ברעגן —
כ'קום הײַנט צוטוליען צו דיר מײַן האַרץ,
וואָס איז אויך פֿול:
מיט פּחד באַלד,
באַלד מיט האָפֿענונג,
שטיי מיט אים
אָנגעשפּאַרט אָן דײַן וואַנט,
אויך אַזוי קלײן,
פּנים־אל־פּנים מיט דער נאַכט וואָס פֿאַלט צו,
מיט די כוואַליעס וואָס רוישן.
האָב גאָרניט ניט
זיי אַנטקעגן צו שטעלן
חוץ זיך
און חוץ דיר.

ו.

מיט שווערע הענט גראָבן מיר אויף די ערד.
מיר הערן אָפּקלינגען אונדזער האַרץ אינעם רידל.
קיין זאָמען פֿאַרזייט מען ניט ווײַל עס איז נאַכט.
מ׳פֿאַרזייט ניט קיין זאָמען בײַ נאַכט.

עלטער פֿון אַלע בערג אַרום,
באַלאָדן מיט פּחד פֿון קינד און ווײַב,
גראָבן מיר אויף די ערד, באַהאַלטן אין איר אונדזער פּנים.
באַהאַלטן אין איר אונדזערע מידע הענט.

צוגעשמידטע צו די אָקאָפּעס
מיט ווײַב און קינד, ווי פֿאַר טויזנט יאָר.
די זעלבע דערנער, דאָס זעלבע שווײַגן אין האַלדז.
און נאַכט.
מ׳פֿאַרזייט ניט קיין זאָמען בײַ נאַכט.

## וועגן

כ׳מעסט אויס וועגן. פֿיל ווי זיי טועו ווײ.
וועג אָפּ ווערטער. ניט זיי וועלן אײַנשטילן דעם ירדן.
צו פֿיל בריקן אויפֿגעריסענע אין האַרץ
און דער ירדן טיף — טרערן קאָנען ניט אַריבערפֿירן
דעם תּהום. הענט ניט צונויפֿבינדן.
אויסגעליידיקטע הענט גראָבן שטויב,
שאַרן פֿײַער. בלום נאָך בלום
בלעטערט זיך אָפּ
ביז מ׳בלײַבט
אַליין.

כ׳מעסט אויס וועגן. ווייס — זיי דערפֿירן ניט.
פֿיל: ערגעץ ווו שפּאַנט מען און מען ווייסט ניט וווהין.
עמעץ ווער רופֿט און מ׳ענטפֿערט ניט.
כאַטעס אויסגעטאָנענע פֿון זייער הויט
פֿאַלן אײַן פּאַמעלעך, פֿאַלן אײַן
יעדן טאָג אַלץ מער. און איך האָב שטערן
אַ מאָל אויסגעבעט אין די כאַטעס
אַ מאָל האָב איך פֿון מײַן פּענעץ ברויט
געזען אויפֿגיין
די זון.

כ׳מעסט אויס וועגן. מעסט זיי אויס שטיל.
כ׳בייג זיך איַין נידעריק. וויל הערן דאָס קול
פֿון מענטשן וואָס לויפֿן. דאָס געוויין
פֿון שטיינער. כ׳הער ניט דאָס קול.
דער ירדן האָט אַלץ אויסגעטרונקען
און איצט שנײַדט ער זיך אַרײַן אין בלוט.
און איך האָב דאָס בלוט דאָך אַזוי הויך
געהאַלטן איבער אַלץ, געפּרוווט אָפּהיטן.
מײַן בלוט און אַנדערנס. ליכטיק.
כ׳זאָל קאָנען
דערגיין.

# פון אַלע זונען

פֿון אַלע זונען וואָס ברענען אין מײַן האַרץ,
נעם אַוועק דעם שטויב.
לאָז זען די זונען קלאָר.
לאָז זען דעם ירדן ווי ער שאַרפֿט אָן
זײַנע מעסערס,
ווי ער בלעטערט איבער די צײַט.
כוואַליע נאָך כוואַליע שפּאַלט אויף
און לאָז זען די טרערן,
לאָז זען די מענטשן הינטער זיי,
די שטיבער געבוקטע צו דער ערד.
פֿון אַלע שטיינער נעם אַרויס
דאָס שווײַגן
וואָס זיי האָבן אין זיך פֿאַרשפּאַרט —
לאָז זען דאָס שווײַגן דורך און דורך.
גראָזן רוף אַרויס און לאָז זיי תּפֿילה טאָן.
ביימער שטעל אַוועק צו עדות.
לאָז מיך קוקן אויף סטעזשקעס
וואָס האָבן געפֿירט אַ מאָל צו אליהו הנביא
און פֿירן איצט אויף צוריק.
בערג נעם — קלאַפּ אין מיר אָן.
ווינטן — וויין צו מיר.
דעק
מיך
אָפּ.

## מײַן זון

מײַן זון טראָגט מיך אַוועק ווײַט.
מײַן זון דערציילט מיר מעשׂיות
פֿון טויזנט און איין וועג.
פֿײַערלעך, געצעלטן אין די אויגן פֿון מײַן זון,
אַ גאַנץ לאַנד צונויפֿגעקנוילט אין זײַן שמייכל.

בערג קניִען אונטער זײַנע טריט.
ער שטרעקט אויס די האַנט —
און רירט אָן דעם הימל.
ער האָט אַזוי פֿיל צו שרײַבן אויף אים,
נאָר ניטאָ קיין צײַט.

שטיי״נער וואָס ער באַגעגנט זענען גוט צו אים.
ניט איין מאָל ווילט זיך, זיי אונטערלייגן צוקאָפּנס,
חלומען : מידקייט ניטאָ,
ער איז ווידער אין דער היים.

פֿון קוסטעס לערנט ער זיך אויסשיילן
שטערן, דעכער.
זײַלן שטויב שטעלט ער אויף
און זיי האַלטן זיך.
גאָרניט גייט פֿאַרלאָרן אין זײַן אויג.
דאָס איז זײַן גרויס אויפֿקלײַבן אַלץ
וואָס ער טרעפֿט אָן.

פֿולע פֿעלד־טאַשן מיט ליבשאַפֿט
ברענגט ער מיט,
מײַן זון —
וואָס דאַרף מיך פֿירן ווײַטער
מיט איין שפּאַן.

# אין באַהעלטעניש

זײַ מיט אונדז ווען מיר זענען אַליין.
זײַ מיט אונדז ווען מיר זענען צו צווייט
און צו דריט.
זײַ מיט אונדז ווען מיר טראָגן די קינדער
אַראָפּ אין באַהעלטעניש
און בלויז די ערד איז דאָ
וואָס זאָל קאָנען צודעקן זייער פּחד.
זיי מיט אונדז ווען די ערד אַליין
ווי אַ קינד
צוגענאָגלט צו איר אָפּהענטיקייט.
און גאָרניט איז דאָ איבער איר
חוץ אונדזער ליַיב.

# אזכּרות

לזכר ר. כּ.

פֿון זינט דו ביסט ניט צוריקגעקומען
זענען אַ סך גרינע ווערטער געוואָרן ווײַס.

פֿון זינט דו ביסט ניט צוריקגעקומען
האַלטן פֿאַרשטשעמעטע טירן צוריק די טרערן.

פֿון זינט דו ביסט ניט צוריקגעקומען
אַלע שעהען געבליבן שטיין.

*

לזכר י. ק.

האָסט ליב געהאַט אָט די ערד, מיט שטיבער און שאָטנס,
מיט די קליינע הענט
וואָס האָבן דיר נאָכגעגליט ביז אַהער.
זיי גליִען נאָך הײַנט יעדן טאָג צו דײַן שטילקייט.

זאַמד האָט פֿאַרטונקלט דײַן קוק, נאָר נאָך זע איך
ביימער אַראָפּבויגן יעדן בײַ נאַכט זיך, און שטום
אַ גאָלדענע טרער אַראָפּקײַקלען אויף דיר,
וואָס האָסט אַזוי ליב געהאַט הויכע, שפּיציקע ביימער.

און דאָס קליינע דערשראָקענע גראָז, ווי די שעפּסן
גרינפּלייציקע, יאָגן אַרויף שוין דעם באַרג דיך צו זוכן, צו זוכן.
קליין און עקשנותדיק גראָז.
און דו האָסט אַזוי ליב געהאַט שעפּסן.

## סקיטאָפּאָליס *

א.

אונטער פֿאַרשטויבטע הימלען
ווו די וועלט ענדיקט זיך;

ווו קרעמערס שלאָפֿן שטייענדיק
אין מיטן מאַרק;

ווו אַ פֿאַרהוילענע האַנט
פֿאַרשרײַבט „תקל תקל ופֿרסין"
אויף הײַזקעס פֿון באַזאַלט
וואָס זענען אַלט טויזנט יאָר
נאָר ווילן ניט אײַנפֿאַלן;

ווו איך אויף מײַן שאָטן
פֿאַרשרײַבט מען „תקל תקל ופֿרסין";

ווו איך גיי אַרום צווישן געסלעך
און קלײַב אויף טראָפּנס זון
צונויפֿצוּשטעלן פֿון ס׳נײַ
דעם פֿאַרבלוטיקטן קאָפּ פֿון שאול המלך;

ווו איך בין שאול המלך
פֿאַרגילגולט
אויף דער מאַפּע פֿון מײַן נע־ונד —

---

* דער רוימישער נאָמען פֿון שטעטעלע בית־שאן

ב.

שרײַב איך ווערטער נידעריקע,
ווערטער וואָס דעקן מער ניט צו,
וואָס איך קאָן ניט מער פֿאַרבײַטן אויף שטערן.
ווערטער קליינע,
איבערגעבערענטע פֿון זונען און וואָגלעניש,
מידע ווי די מענטשן, ווי די הײַזקעס דאָ.
אָפֿענע צו טרערן פֿון קינדער אין רינשטאָקן.
בלייכע ווערטער, אָפּגעוויאַנעטע
ווי די ווינדלען וואָס הענגען אויף דאַכקאַנטן,
ווי די פּנימער.
אַלטע, ווי די חורבות פֿון סקיטאָפּאָליס
ווו כ׳בלאָנדזשע אַרום.
כ׳פֿאַרשרײַב זיי: טונקעלע,
באַלאָדענע מיט זכרונות.
איבֿערגעשראָקענע —
דאָ איז אַלץ איבערגעשראָקן.
כ׳קני צו זיי: בלינדע,
דערשטיקטע פֿון צײַט.

ג.

פויזן טעג אַנגסטיקע.
מאַמעס טראָגן קינדער אין די ציין.
אשתורי הפרחי * האָט דאָ זײַנע בלומען בלויז אויסגעטראַכט.
אַ מעשׂהלע בלויז געווען זײַן גן־עדן.
אין די רינשטאָקן דאָ וואַקסן ניט קיין מעשׂהלעך.
וואַקסן ניט מעשׂהלעך אין די אויגן פֿון טאַטעס.
מאַמעס טראָגן קינדער אין די ציין.
פֿאַרזשאַווערטע שטיינער טראָגן אין זיך
דעם זכר פֿון סקיטאָפּאָליס.
סקיטאָפּאָליס — דער וועג צום בית־הקבֿרות,
סקיטאָפּאָליס — די סטאַציע מיטן רעדל מענטשן
בוואָקסענע מיט מאָך.
דער פּאַרק מיט די אײַנגעזונקענע בענק — סקיטאָפּאָליס.
אין די קאַפֿיינעס שפּילט מען שש־בש **
אויף אָפּצומעקן די צײַט,
נאָר צײַט לאָזט זיך ניט אָפּמעקן.
פויזן טעג אַנגסטיקע,
מאַמעס טראָגן קינדער אין די ציין,
באַהאַלטן די קינדער הינטער פֿאַרשטשעמעטע ליפּן,
הינטער אויגן לעדלעך,
האָבן ניט ווו צו באַהאַלטן.
הײַזקעס שטייען נאַקעטע.
האַרמאַטן קלאַפּן אויס לעכער אין האַרץ.

---

* רבי אשתורי הפרחי — געלעבט אין 14טן יאָרהונדערט אין בית־שאָן. דער מחבר פֿון ספֿר „כּפֿתור ופרח״.

** אַראַבישער לאָטאָ־שפּיל.

טאַטעס שפּילן שש־בש אין קאַפֿיינעס
אויף אָפּצומעקן די צײַט.
אשתורי הפּרחי האָט דאָ זײַנע בלומען
בלויז אויסגעטראַכט.

ד.

שטעלט מען זיך אַרום מיט זאַמד,
מ׳פֿאַרשפּינט זיך אין דערנער.
מ׳טראָגט קליינע תּפֿילות צו אַ וועלט
וואָס איז ווײַט און האָט פֿון סקיטאָפּאָליס
ניט געהערט. מ׳הענגט אויס פֿענער
אויף מאַסטן צו ווײַזן: דאָ איז סקיטאָפּאָליס.
מ׳רײַסט אויף וווּנדן. מ׳זאָגט:
דאָס איז אונדז געבליבן פֿון סקיטאָפּאָליס —
וווּנדן,
זאַמד,
קינדער וואָס וויינען,
פֿענער וואָס וויאַנען אָפּ
יעדן טאָג אַלץ מער.

ה.

תּפֿילה צו אליהו הנבֿיא, אליהו התשבי, אליהו הגלעדי.
צו די בערג וואָס באַהאַלטן אים,
וואָס לאָזן אים ניט קומען, כאָטש ער איז אַזוי נאָנט.
צו דעם ירדן וואָס שנײַדט אַדורך זײַן האַרץ
ווי ער שנײַדט אַדורך אונדזערס.
קליינער אליהו פֿון מעשׂה־ביכל,
וואָס מיר דאַרפֿן אים אין דער וואָר.
פֿאַר אונדזערע שטיבער די נאַקעטע,
פֿאַר די געסלעך די דורכגעאַקערטע פֿון חיילות.
ער זאָל זײַן מיט אונדז און מיט אונדזערע דערשראָקענע אויגן,
זײַן מיט אונדז און מיט אונדזערע קינדער,
זײַן מיט אונדז,
אונדז צודעקן מיט זײַן ווײַסער באָרד.

# סיביר

אַלע פֿייגל שוין באַגראָבן אין פּאַפּיר
נאָר ס׳זינגט ניט דאָס פּאַפּיר. די וועלט איז ליידיק.
די ווײַסקייט וואָס פֿאַרשיט מײַן אויג איז אייביק.
ניט פֿייגל — פֿוסטריט כ׳האָב באַגראָבן דאָ. סיביר.

און קיינער ווייסט ניט ווו איך בין. איך פֿריר
אַליין טיפֿער אײַן אונטער דער לאַסט פֿון שניי־דעק.
דאָס וואָרט דערוואַרעמט מיך ניט מער. ס׳איז ליידיק
און אָפּגענאַרט. און איך בין קעניג ליר

אַרומגערינגלט פֿון שגעון. טרײַבן
מיך טשאַטעס פֿון זכרונות איבער ווײַסער פֿלאַך.
סיביר. ס׳פֿאַרשטייט דאָ קיינער ניט מײַן שפּראַך,

דאָ וועל איך גאָרניט קאָנען מער פֿאַרשרײַבן,
חוץ מײַנע טויטע פֿייגל, מײַנע טריט,
וואָס קיינער אין דער ווײַסקייט הערט זיי ניט.

## הײַנט שטאַרבן זיי ווידער

א.

הײַנט שטאַרבן זיי ווידער —
דאָס מאָל אין אונדז.
ניט פֿון זעג דורכגעזעגטע —
פֿון אונדזער שווײַגן.
ניט אין גלאָז פֿון לבֿנה פֿאַרפֿראָרן —
אין אונדזער לאַכן.
הײַנט שטאַרבן זיי ווידער —
דאָס מאָל אין אונדז.

ב.

געבליבן ווערטער בלויז.
אַפֿילו ניט קיין וועלף.
אַפֿילו ניט קיין לאָך
זיי קאָנען אויסברענען אין האַרץ מער.
אַפֿילו ניט אין מוח
אויפֿשטעלן אַ וואַלד מיט קראָען.
אַפֿילו ניט אַרײַנטריפֿן
אין אונדז
אַ שטאַרן קוק
פֿון אײַזמענטש.

ג.

ער איז געווען בלאָ.
די באַלאַנדע * וואָס ער פֿלעגט שלינגען,
פֿלעגט מער ניט אויפֿטײַען אין אים זכרונות.
דער באַרג מיט שמאַטעס איז אויף אים
געווען צוגעפֿראָרן ווי אײַז.
דורך קריִעס אײַז פֿלעגט ער זיך שלעפּן
און מ׳פֿלעגט אים קוים אַרויסזען.
ווען ער איז ניט צוריקגעקומען —
האָט מען לאַנג געזוכט זײַן זעג,
וואָס איז געווען פֿון שטאָל.
אָן איר
האָט מען ווײַטער זעגן ניט געקאָנט.

ד.

מ׳עסט דאָ זעגעכץ.
עס איז קלאָר ווי מעל.
איידער עס ווערט פֿאַרפֿראָרן —
ליגט עס אויף דער צונג
און וואַרעמט.
איידער עס פֿאַלט פֿון הענט
דערמאָנט עס אָן דער היים,
אָן טיש,
אָן בלענדנדיקן לײַב
פֿון פֿרוי.
מ׳עסט דאָ זעגעכץ.
ס׳האָט דעם טעם פֿון זון.

---

* אַ שיטערע זופּ

ה.

צווײַגן אין טײַגע,
אָפּגעזעגטע פֿאַר דער צײַט.
קײן בלוט איז ניט גערונען פֿון זײ.
אַ וואַרעם וואָרט האָט ניט אַראָפּגעטריפֿט
זײ צוצודעקן.
אַ וואַלד מיט מענטשן —
געשטאַנען שטאַר אַרום,
געוווּסט אַז באַלד
וועט עמעץ קומען
אָפּזעגן אויך זײ.

ו.

נאָנט אַרום קאַנעץ
בליט אַ שטיקל פֿרילינג.
יעדער דערקענט אים,
ווען ער ציטערט
אויף די אויסגעשטרעקטע פֿינגער.
יעדער גנבֿעט אים אַוועק
פֿון אונטער שטאַרן קוק
פֿונעם דעזשורנעם.
אויף נאַרעס נאַקעטע
מען גריזשעט אים געהײם
צוזאַמען מיט אַן אָפּגעשפּאָרטן
האַרטן
פּענעץ.

# טײַגע

א.

איך שרײַב נאַכט.
ביטאָ קײן מער טונקל װאָרט.

איך זאָג טײַגע,
זע זיך װידער אין איר,
שװימען אין שנײען,
ראַנגלען זיך נאָך אַ שפּאַרע ליכט,
װײנען צו מײַן אײגן קול.

איך זאָג טײַגע,
און בײמער שטעלן זיך קאַפּױער, שטעכן אױס די אױגן,
װינטן צערײַסן מײַן געדעכעניש.

און איך זאָג — זײ:
האָפּשטײן, מאַרקיש, אַלע מײַנע פֿרײַנד.
זע זײ שטײן װידער:
פֿאַר מיר, הינטער מיר,
רוקנס און אַראָפּהענגענדיקע הענט,
גופֿים אָן פּיס,
אױגן אָן פּנימער,
גײענדיקע,
צעגײענדיקע אין נעפּל.

אַלע זענען זײ טױט.

ב.

איך גיי אויפֿהייבן נעמען.
איך גיי אויפֿהייבן פּנימער.
איך גיי אָנטאָן מײַנע ווערטער
מיט נעמען, מיט פּנימער
צו וועלכע כ׳האָב געקניט,
וואָס האָבן פֿאַרפֿולט מײַן האָריזאָנט.
איך ווייס, אַלע זענען אונטערגעגאַנגען מיטן האָריזאָנט.
איך ווייס, ניטאָ אַזאַ וואָרט
וואָס זאָל קאָנען באַלײַכטן כאָטש איין פּנים,
אײַנגעפֿאָרן אין נאַכט,
ניטאָ קיין איין וואָרט
וואָס זאָל קאָנען דורכדרינגען די טײַגע.

און כ׳ווייס
אַז מען דאַרף גיין זוכן,
אויפֿהייבן,
אַרומרינגלען זיך מיט נעמען און פּנימער,
אויף צו קאָנען בלײַבן,
צו קאָנען ווידער געבאָרן ווערן,
צו קאָנען ווידער זען די זון.

ג.

פֿרײַנד פֿון מזלות —
קלער פֿאַר מיר אויס נאָך אַ מזל
און נעם מיך אין אים אַרײַן.
מיד בין איך.
מײַנע שטערן אויסגעגאַנגען.

קלער אויס נאָך אַ וואָרט
— אַזאַ וואָס טוט וויי —
און לאָז מיר זיך אין אים אָנטאָן.
לאָז מיר דורך אים דערקענען די וועלט,
וואָס איז אויף מײַן צונג שטום געבליבן.

לאָז מיך פֿילן די שטיינער,
די דערנער וואָס אַרום.

מײַנע דערנער
אין די דערנער פֿון אַנדערע.

טעם פֿון זאַלץ
און טעם פֿון שניי וואָס איז געוואָרן זאַלץ.

צינד אָן נאָך אַ שויב,
צווישן די אַלע וואָס האָסט אַוועקגעשטעלט
אין מײַן וועג,
און לאָז מיר זיך אין איר אָנקוקן.
לאָז מיך זען ווי איך בין אַליין,
ווי מיר זענען אַלע אַליין.

פֿון וואַלד און ווייטיק
שטרעק אויס נאָך אַ האַנט
— אַ האַנט פֿאַר מיר —
איך וועל זי ניט אויפֿהייבן.
זי איז צו ווײַט.

## צו דוד האָפּשטיין

פֿון הינטער שוואַרצער וואַנט פֿון טײַגע
זע איך אַרויסשווימען די לבֿנה —
ס׳איז דער קאָפּ פֿון דוד האָפּשטיין,
ער נישטערט, צעעגבערט די נאַכט.

צי דערקענסטו מיך דוד האָפּשטיין,
צי זעסטו מיך
זיצן איבערן בלאַט פּאַפּיר
— אַזאַ גלאָזיקע טונדרע אײַז —
זוכן די סליאַדן פֿון דײַן געדאַנק?

פֿון אות צו אות
און פֿון כוטער צו כוטער,
ברענט דאָס שווײַגן זיך אַ וועג.
איך האָב ניט מער קיין ליד.
דו האָסט נאָך געהאַט אַ ליד?



**פאַר י. ב.**

פֿון וואָרקוטע.
ס׳האָט געדאַרפֿט זײַן ליקוי־חמה.
ס׳האָט געדאַרפֿט זײַן די מלחמה פֿון גוג־מגוג.
גראָזן האָבן געדאַרפֿט אַרויסוואַקסן רויטע פֿון קבֿרים —
דו זאָלסט קומען צו אונדז.

די טירן זענען אָפֿן. מ׳האָט געוואַרט.
ניט מיט קיין פויקן און טאַצן — מ׳האָט געוואַרט.
מיט אַ קליין ברויט אויפֿן טיש. מ׳האָט געוואַרט.
וויפֿל וועלן מיר נאָך דאַרפֿן וואַרטן,
וויפֿל אויגן אַרויסשיקן,
ס׳זאָלן אויך קומען די אַנדערע ?

זע, דאָס גראָז אונדזערס איז ווידער גרין.
אונדזערע פּנימער זענען ווידער גוטע.
מיר האָבן צו פֿיל טויטע אין זיך
כּדי ניט צו פֿילן דאָס ציטערן פֿון דער ערד.
איינער ביסטו, דער ערשטער.
אפֿשר וועלן אויך קומען די אַנדערע ?

## נעמען

נעמען זענען קליין געוואָרן.
זיי ליגן באַהאַלטן הינטער אַ וואַלד.
ביַי נאַכט קום איך אין חלום,
זוך אַרום מיט אַ לאַמטערן:
דער נאָמען נאָך דאָ.
דער נאָך אויך דאָ.
און דער — שוין האַלב אָפּגעמעקט.

צייל איך זיי אויף און זיי זענען ווייניק.
און די וואָס זענען נאָך דאָ — האַלב פֿאַרזונקענע אין שאָטן
און כ׳ווייס ניט וואָס צו טאָן מיט זיי.
און אַ ווינט וואָס איז פֿריִער ניט געווען
מעקט אָפּ דעם לאַמטערן
ס׳זאָל שוין אין גאַנצן זיַין נאַכט.
ביַי טאָג וועט קיינער ניט דערמאָנען די נעמען.

*

שניימענטש —
ניט קיין קינדער האָבן אים געמאַכט.
לאַמטערנס רינגלען אים אַרום.
עמעץ גיט אים אין האַנט אַרײַן אַ זעג.
עמעץ קוקט אַראָפּ אין זײַן טויט אויג
און הייסט אים גיין.
ער גייט ניט.
ער האָט ניט קיין פֿיס.
ער איז דער בלאָ אויסגעגאָסענער,
אייביקער,
היטער פֿון טײַגע.

*

צו ערשט האָט מען די שלאַגבוימען אַראָפּגעלאָזט.
מיט זיי זענען מיטגעגאַנגען די הימלען.
מיט זיי האָט מען אָפּגעשניטן מיט אַ מאָל די וועלט.

ווייך געוואָרן די פֿיס.
די פֿיס זענען אַרײַנגעוואַקסן אין כמאַרעס.
שוואַרצע שאָף פֿון דער נאַכט
טוליען זיך אַרום האַרץ.

דערנאָך האָט מען אויסגעקערט דאָס אײַז
מיט אַ בלאָען לאַמטערן.
ביימער זענען זיך צונויפֿגעקומען
און האָבן זיך אויסגעזעצט לעבן אונדז.
מיר האָבן זיך געגליכן צו ביימער.

*

דער שניי וואָס האָט אַזוי פֿיל יאָרן
אין דיר געטליִעט —
שלאָגט זיך איצט אַדורך צו דייַנע האָר.
דו ווערסט ווייַס.
ווייַטקייטן ציִען זיך צונויף.
דו הערסט ווידער דייַן אייגן קול
אין טייַגע:
הו, הו...
נאָר ס׳טראָגט דער ווינט
אַוועק דאָס קול.

# מײַן טאַטע

א. די בריק

אויף קיין אײַזערנער בריק
האָט ער ניט אויסגעלערנט מיך גיין.
ווײַס, ווי פּאַפּיר, זײַן פּנים געווען.
און אויך זײַן בריק
און געווער
געווען פֿון פּאַפּיר.

האָט ער מיך געפֿירט דורך זײַן ווײַסקייט.
ברויט ניט געווען — פֿלעגט ער שטענדיק
אָנבייגן זײַן קאָפּ ווי אַ הון
און, פֿון פּאַפּיר, פֿאַר מיר
אַרויספּיקן אותיות,
וואָס האָבן געדאַרפֿט פֿאַרענטפֿערן אַלץ,
אַפֿילו זײַן טויט. ווײַס ווי פּאַפּיר
געלעגן איז ער צו די פֿיס.
אַלע זענען אויף אים אַריבערגעגאַנגען.
ער אַליין —
האָט טראָגן זיך מער ניט געקאָנט.

ב. ירושה

מײַן טאַטע —
ווי קליין ער איז געווען,
האָט ער שטענדיק געקאָנט אויסשטרעקן
די האַנט צום הימל,
אַראָפּשאַרן אַ בינטל שטערן,
וואָס פֿלעגן סטײַען
אויף אַ גאַנצער וואָך.

וויפֿל וועגן ס'האָבן אים ניט געמאַניעט —
ער פֿלעגט שטענדיק צוריקקומען
שפּל
מיט אַ גראָ־ווערנדיקער באָרד,
צו די חלבֿנע סטעזשקעס
פֿון חומש.

מער ווי אַ בײַטש
— זײַן אייגנס —
האָט ער ניט פֿאַרמאָגט.
נאָר שטענדיק
סיליענדיק די טרערן פֿון חצות
האָט ער בהרחבֿהדיק
מיר פֿאַרירשנט
אַ מדינה.

ג. דער פּײַערוואָגן

פֿון אַלע פּײַערוועגן אין זכּרון
איז מיר נענטער
דער סקריפּנדיקער פֿערד־און־וואָגן
אויף וועלכן מײַן טאַטע
פֿלעגט אַרויספֿאָרן
יעדן פֿאַרטאָג
אָפּריכטן גלות אין די קאַרפּאַטן.

אליהו הנבֿיאן איז בעסער געווען.
שײַבלעך אין טאָל
האָבן זיכער ניט אַרויפֿגעקוקט
אַנגסטיק,
געזען ווי דער וואָגן אין זון
ווערט אַלץ קלענער און קלענער.

מײַן טאַטן איז בעסער געווען.
שײַבלעך האָבן שטענדיק אים צוריקגעבראַכט
פֿאַר נאַכט
מיט אַש אויף די ליפּן,
מיט אויסגייענדיקער זון.
מײַן טאַטע איז ניט געווען אליהו —
פֿאַר מיר אָבער איז ער געווען.

# שולמית

ווען איך עפֿן די טיר פֿאַר מײַן קלײנער טאָכטער שולמית,
פֿיר זי אַרײַן אין די היכלען פֿון שׂרה בת־טובֿים —
האָב איך ניט וואָס צו זאָגן, ווייס איך ניט ווי אָנצוהייבן.

אַז איך שטרעק אויס די האַנט, צייל איבער די שטערן
וואָס שׂרה בת־טובֿים האָט פֿאַר אונדז איבערגעלאָזט —
ציטער איך — וואָס וועט טאָן מיט די שטערן שולמית?

מײַן טאָכטער שולמית האָט פֿולע זשמעניעס מיט זון.

## שׂרה בת־טובֿים

לזכר א. לעיעלעס

ס׳איז זיכער דאָ אין מיטן וואַלד פֿון ווערטער
אַ קליינע כאַטע מיט אַ קוימען צו דער וועלט,
אַ בלאָער אָפּרו, אַ גרויס שוויַיגן פֿון שטערן.

פֿון זינט תּחינות זענען געוואָרן שטיין —
זוכן מיר אַ שׂרה בת־טובֿים אין די אויגן פֿון קינדער:
אַלטע ליבשאַפֿט, איַינגעוויקלט אין אַ טערקישער שאַל.

דאָרטן אַליץ דאָ: שמייכל, שוועבן איבער סטעזשקעס.
מיר שיקן זיי אַנטקעגן גראָזן
אויפֿגעוועקטע דורך אונדזער וואָרט,
ציטערדיקע האָזן,
פּערלדיקע שויבן,
וויַיסע הענט.

## מעשׂה־ביכל

א.

הינטער די בלעטער פֿון מעשׂה־ביכל
ליגט דער טונקעלער וואַלד.
בלאָע האָזן שפּרינגען דאָרטן אַרום.
די הײַזקע פֿון קױלנבערענער
װינקט מיט אַ װײַט אױג.

גוט צו בלאָנדזשען
איבער די בלעטער פֿון מעשׂה־ביכל,
אױפֿקלײַבן פּאָזעמקעס פֿאַר אַ ליד,
אַנטפּלעקן קװאַלן פֿון װידער יונג־װערן.

סטעזשקעס דערקענען דיך
אױף די בלעטער פֿון מעשׂה־ביכל.
זײ רינגלען דיך אַרום,
באַהאַלטן זיך צו אַ שטיף.
זײ פֿירן צו שׂרה בת־טובֿים.

ב.

לאָמיר זוכן די סטעזשקעס פֿון שרה בת־טובֿים,
באַלײַכטן ווידער די כאַטע פֿון אַ קוילנברענער,
אויפֿשטעלן אַ גרויסן וואַלד דורך וועלכן מ׳מוז זיך דורכשלאָגן אַ וועג.

גוט אונטערצושפּאַרן די נאַכט מיט אַ געדעכעניש:
אַ שײַבל וואָס האָט שטענדיק אויף דיר געוואַרט,
אַ לעמפּל, וואָס האָט דיך פֿאַרבונדן מיט אַ נאָנטער וועלט.

אַרײַנקוקן אין שײַבל און וויסן: מ׳דאַרף דיך נאָך.
אַ שוואַרצער קאָפּ האָר אײַנגעבויגן איבער אַ טלית־זעקל,
אַ פּאָר זײַדענע שיכלעך, אַ יונג וואָרט.

## צאינה־וראינה

איך האָב קיין מאָל קיין לאַנד ניט איינגענומען.
מיין לאַנד איז שטענדיק אין מיר געווען.
פֿון זינט „ואני — און איך יעקבֿ" אין חדר,
ביז צו מיין זון, ביז צו מיין הייזקע אין מידבר.

די שטיינער דאָ זענען קיין מאָל פֿאַר מיר ניט פֿרעמד געווען.
שטענדיק האָבן זיי זיך געקריגט
צו ווען ליגן מיר צוקאָפּנס.

און די שטעטלעך די פּאָרכטיקע
מיט תחינהדיקע אויגן —
איך האָב זיי שטענדיק געזען
אויפֿשווימען פֿאַר מיר
שבת, פֿאַר נאַכט,
ווען געגאַנגען מיין מאַמע
שפּאַצירן מיט מיר
איבער די בלעטער
פֿון צאינה־וראינה.

## שטערן

שטערן ווייסן אַזוי פֿיל,
פֿון זינט די ספֿרים זענען פֿאַרברענט געוואָרן,
און די אותיות אַלע זענען אַרויפֿגעפֿלויגן
מיטן רויך צו די הימלען. אותיות פֿון גמרא געווען
אויסגעווייקטע אין טרערן. אותיות פֿון תּחינות,
אין וועלכע ס׳האָט געלויכטן דער מאַמעשיס קוק;
אותיות פֿון מעשׂיות און שירים, יונגע און צאַפּלדיקע
ווי קינדער, געקרײַזלטע ווי קינדער, פֿול האָפֿענונג און פֿרייד.
זיצנדיקע צווישן טאָוולען, ווי אין וואַרעמע כאַטעס,
צי קליינע בתּי־מדרשים, האָט מען זיי שטענדיק געקענט הערן
זינגען און זאָגן, געקענט זען אַרויפֿקלעטערן אויף פּרוכתן,
אויף טישן און באַלקנס, פֿאַרפֿולן יעדע שפּאַרונע מיט ליכט.
שטערן ווייסן אַזוי פֿיל פֿון זינט אויך די כאַטעס
און די בתּי־מדרשים זענען אַרויפֿגעפֿלויגן צו הימלען —
בתּי־מדרשים מיט בלאָע „שיוויתיס", כאַטעס מיט מאָכענע דעכער,
צי מיט דעכער פֿון שינדלען און בלעך. פֿון אַטלעס געבויטע
געווען און פֿון סאַמע שיראים און זײַדנס — ווען ווײַס־אויסגעשײַערט
האָט יום־טובֿ געקרוינט אומעטום, האָט אַרומגעסודעט אין זאָקן
צווישן אַ שעפער פֿון מעש, צווישן אַ שײַבל אין שקיעה —
צי פֿון הויקערס געבויטע געווען, פֿון קרומע און טיפֿע,
מיט טירן צעלעכצטע צום שליאַך, מיט שוועלן צו קידוש־לבֿנה,
און קליינע געגאַנגען דורך זיי זענען דורות מיט טאָרבעס און תּפֿילין,
אַרויס און אַרײַן ווי אַ קייט. שטערן ווייסן אַזוי פֿיל
פֿון די דורות טאַטעס, מאַמעס און קינדער,
די אויסגעבייטע מיט שמות, די באַהאָפּטענע מיט קמיעות,

שואבֿי־מים, תהילים־זאָגערס, פֿון זינט זיי זענען אַרויפֿגעפֿלויגן צום הימל,
ווײַל אויך זיי זענען פֿאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיט אותיות און בתי־מדרשים,
צוזאַמען מיט כאַטעס און גאַסן אין קרײַז, געהאַלדזטע אין דבֿקות,
ווי געהאַלדזטע אין דבֿקות שטענדיק געווען: מיט טלית און תּפֿילין אונטערן אָרעם
מיט שטרײַמלען אויף קעפּ, מאַמעס גלעטנדיק אַ תּחינה
מיט אַ הייס אויג, קינדער לויפֿנדיק איבער גראָזן,
קלעטערנדיק אויף פּלויטן, געקרײַזלטע, פֿול האָפֿענונג און פֿרייד,
פֿול מעשׂיות און שירים...
שטערן ווייסן אַזוי פֿיל.

## אליהו התשבי

א. מיט דיר

דו ביסט אין מיר געווען ווי אַלע נאָנטע:
טאַטע, מאַמע, שטוב.
מיט דיר איז מיר וואַרעם געוואָרן,
כאָטש אַליין ביסטו געגאַנגען אײַנגעוויקלט אין אַן אַלטער פֿעל
און אויף דײַן שטעקן האָט קיין מאַנדלצוויט ניט געבליט.

דײַן ווײַסע באָרד האָט מיר שטענדיק געפֿלאַטערט אַנטקעגן,
ווען איך האָב אויפֿגעמאַכט דעם לאָדן
און געזוכט אַ טאָלק אין די בערג פֿון קאַרפּאַטן.

גרין גלאָז האָט אַ שטערן אַראָפּגעטריפֿט אויף די סטעזשקעס.
און צווישן בעריאָזעס האָב איך געזען אויפֿגיין
דעם שאָטן פֿון אַ האַק.

דײַן צער איז אויך מײַן צער געווען תּשבי.
אויך אין מיר האָט געוויינט דער טויטער נבֿות
און ס'האָט מיך גערופֿן דער מידבר.

## ב. צרפת

וילך צרפתה... והנה שם אשה אלמנה מקוששת עצים.
(מלאכים א׳, י״ז)

קיין צרפת כ׳בין געגאַנגען ווי מען גייט אַהיים.
כ׳האָב זיך געזען אַראָפּקוקן אין איר,
ווי אין אַ שוואַרצאַפּל.
מיט שאָטן מײַנעם האָב איך אויסגעמאָסטן אירע דנאָען,
וואָס האָבן זיך געטרונקען אין אַן אונטערגייענדיקער זון.
כ׳בין מיד געווען.
מײַן פּעל אויף מיר געהאַנגען שווער, ווי טויזנט פֿודן וועג,
און איך אַליין געהאַנגען בין אויף זיך — אַ טמא אין־דער־וואָכן.

די פֿרוי האָט אַלץ געקליבן אירע שפּענדלעך האָלץ
און זיי צונויפֿגעבונדן מיטן לעצטן פֿאָדעם זונפֿאַרגאַנג.

איך האָב געזאָגט: „גאָט העלף״, נאָר ס׳האָט מײַן קול
ניט דורכגעדרונגען וואַנט פֿון שטויב,
קיין גאָט איז ניט געווען מער צווישן מיר און איר.

און כ׳האָב געוווּסט: כ׳בין אַלץ נאָך נע־ונד.
ס׳איז צרפת ניט קיין היים. ניט קיין שליחות
פֿאַרבינדט מיך מיט איר שוועל, נאָר שרעק,
נאָר טויזנט פֿודן וועג,
און אין־דער־וואָכן.

ג. ווי איך

דײַן אַש כ׳האָב ניט געפֿונען.
ביסט אין מיר ווי אַלע נאָנטע:
טאַטע, מאַמע, טיש.
דו זיצסט מיט מיר בײַם אָרעם־ברויט.
דו זעסט ווי ס׳שפּינט דעם דלות
אויס אין שטוב מײַנער דער נאַפֿטלאָמפּ.

די פֿינגער דײַנע שטרעקסטו אויס, ווי איך
און זוכסט אין בלאָער נאַכט אַ טאָלק.

קיין צרפֿת גייען מיר ניט מער.
אין צרפֿת איז ניטאָ קיין זון.

נאָר אַלץ נאָך שטייסטו בײַ מײַן זײַט
און זוכסט מיט מיר די סליאַדן פֿון נבֿות,
וואָס הײַנט איז טויטער נאָך ווי פֿריִער;

דו זיפּסט נאָך אַלץ דאָס זילבער פֿון לבֿנה
דורך דײַן האַנט
נאָר זעסט: ס׳איז פֿאַלש...

כ׳האָב קיין מאָל ניט געפֿילט אַזוי ווי איצט דײַן ווייטיק.
כ׳האָב קיין מאָל ניט געפֿילט אַזוי, אַז דו ביסט מיד,
ווי איך.

ד. אלישע

אלישע איז צו מיר געקומען
ווי אַ לאָגל רו.
ער האָט זײַן טאָרבע אויסגעליידיקט.
ער האָט אַרויסגעשיילט זײַן האַרץ
און עס אויף מיר אָנגעטאָן.
זײַנע ברוינע אויגן האָבן געטרײַ
מיר אָפּגעהיט די טריט.
זײַן יונגע פּלייצע
האָב איך געפֿילט ציטערן
אונטער מײַן האַנט.
מײַן גראָע פֿעל האָט פּלוצעם אָנגעהויבן
אַרויסשפּראָצן ליכט.
און איך האָב געוווּסט: ער איז דאָס ליכט.

און איך האָב פֿון זיך אַרויסגעשיילט
דעם טויטן נבֿות
און געוווּסט: ער איז ניט טויט,
כּל־זמן עס בליט נאָך ערגעץ ווו אַ ווײַנגאָרטן.

און איך האָב צו דער לבֿנה אַרויפֿגעקוקט
און געזען: זי איז אַלט;
די קנייטשן אין איר
דערמאָנען ניט מער אָן איזבֿל.

איך האָב געוווּסט: כ׳בין אַלט...

## שלום־עליכם

פֿון אַלע ווערטער וואָס טליִען אין מיר, איז נעענטער דאָס וואָרט פֿון שלום־עליכם,
ניט פּערעיאַסלעוו, ניט קאַסרילעווקע און יעהופּעץ —
דערטרונקען זיי זענען אין בלאָטע ביז צו די קלויסטערשפּיצן —
נאָר דאָס וואָרט, דאָס צונויפֿגעגאָסענע פֿון אַ סך יִדישע ווערטער,
וואָרט אויסגעדליבעט פֿון קינדערישע צינגער, אויסגעוואַלגערט פֿון
מאַמעשיס הענט,
פֿון טאַטישע בערד צוגעגלעט מיט אַ שטיף — דער גרויסער סך־הכּל
פֿון אַ סך יאָרן שמייִען, האַנדלען, קלאַפּן מיט קאָפּ אָנעם דיל,
דורכברעכן דעם דיל מיטן קאָפּ. ניט פֿון אותיות פּירקאַנטיקע בלויז
אויסגעקנאָטן און טראָפּ, נאָר פֿון לעבן צוגעשאַרפֿט ביז הימל און ליכט,
וואָרט פֿון מענטש, וואָס העכער פֿון בלאָטע און קלויסטער שפּיצן,
שלום־עליכם האָט עס קיין מאָל ניט באַהאַלטן הינטער די ברילן,
נאָר עס אַוועקגעגעבן אונדז אַלעמען, ברייט צעשמייכלט און יונג,
מיר זאָלן עס איבערגעבן ווײַטער, מיטן גאַנצן געדריי פֿון געסלעך און קראָמען,
הו־האַ פֿון יאַרידן, טומל פֿון בירזשע און באַן,
עמך פֿאַראייביקט אין וואָרט
וואָרט וואָס טראָגט עמך אין זיך.

# באַנטשעס

א.

באַנטשעס
אויסגעהונגערטע נאָך אייגענע היימען —
וואָס וועט איר טאָן
אַז מ׳וועט אײַך פּלוצעם געבן אין האַנט
אַ גאַנצע גאַס
און זאָגן: ס׳איז אײַערע?

ווו וועט איר באַהאַלטן די שטערן,
ס׳זאָל זיי בײַ אײַך קיינער
ניט ווידער אַוועקנעמען?

אין וואָס אײַנוויקלען די שויבן,
די שמייכלענדיקע,
קעגן אַ גוט אויג?

ווי אַזוי צוטוליען
די ווענט און די טירן צו זיך
און הערן:
מען מעג... עס איז וואָר...

ב.

נידעריקערע פֿון גראָזן.
מיט פּחד אויף פּלייצעס.

איר דאַרפֿט אַזוי פֿיל אָפּלאָדן פֿון זיך,
אויף צו קאָנען זען די זון,
אַזוי פֿיל פֿון זיך אַרויסשרײַען
אויף צו ווערן העכער.

צי ווייסט איר דעם כּוח
פֿון אַ שטול
פֿאַרוואָרצלט אין דער מיט שטוב?
פֿון אַן אייגענעם טיש
וואָס שמייכלט אין אויגן?

ג.

לאָמיר זײַן נאָנט צו די טישן.
לאָמיר זיי הערן אָטעמען.
דורך אַלע וועגן זענען מיר דאָך
צונויפֿגעקומען זיך
אויף צו קאָנען זיצן אַרום זיי אין קרײַז.
די פֿליגל וואָס זענען
אין אונדז קיין מאָל ניט געווען,
וועלן אפֿשר אָנהייבן וואַקסן
פֿון זייער מיט.
הוי! די קליינע שטערן
וואָס פֿאַרפֿולן אונדז ביז שיכּור זײַן.

הוי! די גרויסע טישן
וואָס נאָר איין לאַבן ברויט
מאַכט זען אונדז
זיי אַלע — ווײַס.

ד.

רעדט ניט.
ס׳וועלן רעדן פֿאַר אײַך הײַנט די ווענט,
ס׳וועלן רעדן די שויבן געקרוינטע מיט זון,
ס׳וועלן רעדן די קינדער
וואָס וועלן שוין קיין באַנטשעס ניט זײַן.
צי וואָלט איר מער דען זאָגן געקאָנט
ווי דאָס, וואָס געזאָגט האָט איר שטענדיק
אויף שטום־לשון: ווענט,
וואָס נעמען אַרום דעם פֿאַרנאַכטיקן גוף;
שויבן, וואָס קניִען מיט זון צופֿוסנס דעם טיש;
קינדער, וואָס שפּילן זיך פֿרײַע
פֿאַר אייגענער שוועל.
קינדער, וואָס וועלן שוין קיין מאָל
קיין באַנטשעס ניט זײַן.

## פּאַפּיר

שטיין, וואָס כ׳האָב אַרײַנגעוואָרפֿן אין פּאַפּיר,
האָט קיין קרײַזן ניט געמאַכט. שטיין געבליבן שטיין.

די גראָזן וואָס כ׳האָב אַ מאָל אַרויסוואָראָזשעט פֿון פּאַפּיר
זענען פֿאַרגעלט געוואָרן מיט דער צײַט. איצט זענען זיי ווײַס.

הימלען וואָס זענען אַ מאָל הויך געווען,
מ׳האָט אונטער זיי אַלץ געקאָנט אַרונטערשטעלן —
אָפּגעמעקט איצט געוואָרן, נידעריק,
ווי דאָס פּאַפּיר.

## תּוך

פֿאַר יעקבֿ זיפּער

גילגול פֿון דורות — אין מיטן לעת־עתּה.
כאָטש שוין חייבֿ די וועלט, נאָך ניט ראוי דער דור.
נאָך ניט געסלעך דלמעלה — געסלעך דלמטה,
נאָר אין טײַכן פֿון לעבן שוין ניצוץ פֿון וואָר.

טײַכן פֿון לעבן ווידער אַ סך דאָ
אויף מידבר און פּליינען, אין האַרץ און געמיט.
ניט אין זיי, אין די טײַכן, אין ד י ר דער להבֿדיל:
ווײַל גרויס נאָך דײַן ווייטיק און קליין נאָך דײַן צוויט.

נאָר ווען שפּאַנסט איבער געסלעך און קלאַפּסט אָן צו סליחות,
און עדה נאָך עדה גייט ווידער דיר נאָך —
ניט ראוי נאָך דור, נאָך ניט צײַט פֿון משיח איז,
נאָר דאָס ג י י ן פֿון די געסלעך — סאַמע תּמצית פֿון תּוך.

## די טאָרבע

א.

איך בין נאָך אַלץ דער גייער
וואָס קלײַבט אויף כאַטעס אין טאָרבע.
אפֿשר וועל איך אַ מאָל ווערן
אַ גבֿיר פֿון כאַטעס.

קלײַב צונויף ווינדלען,
וויגעלעך אַלטמאָדישע,
און ציגעלעך אונטער די וויגן.
ס׳וועט אַלץ אַ מאָל צו נוץ קומען
פֿאַר דער נײַער וועלט.

אין אויך קליינע טײַטש־חומשן
וואָס קיינער מער דאַרף זיי ניט.
מ׳וועט נאָך שטיין איבער דעכער,
זיך וואַרעמען אין זייער ליכט.

ב.

מיטן אייביקן קופערנעם גראָשן
וועק איך אויף שײַבלעך,
ברעך דורך מויערן,
קום צו צום כּסא־הכּבֿוד,
און מאַך אים ווידער נײַ.

אײַנגעהויקערט און אַלט —
האָב איך שטענדיק די ברירה
אָפּצורײַסן אַ שטיקל הימל
פֿון דאַך,
איבערבײַסן,
און ווערן אויפֿגעריכט.

און אַז ביז גאָר מיד —
שטענדיק די ברירה
אַרײַנצוקריכן אין דער אייגענער טאָרבע.
ס׳וועט זיכער דאָרט זיך עפּעס געפֿינען,
וואָס זאָל קאָנען צודעקן מיך
מיט אַ קוש.

ג.

פֿאַרהוילעניִשן פֿון אַ גאַנצן טאָג
ווערן פֿאַרענטפֿערט
ווען איך צינד אָן אַ ליכט אין דער טאָרבע
און קריך אין איר אַרײַן
פֿראַוון התבודדות
מיט מײַן אייגן וואָרט.

ווערן דעמאָלט ספֿקות דורכזיכטיק,
פּחדים איבערגעקערט אויף דער צווייטער זײַט.
פֿאַרטיפֿט אין מײַן טאָרבע
זע איך שטיינער גוט ווערן,
דערנער פֿאַרבײַטן זיך אויף אַ קרוין.

גאַסן וואָס איך האָב אויפֿגעקליבן
פֿירן מיך ווידער אַראָפּ
צו דער רחבֿות
אין וועלכער איך האָב זיך אײַנגעצימצומט.

לעבן אַ קליין ליכטל
געפֿין איך ווידער אין מיר פּלאַץ
פֿאַר דער גאַנצער וועלט.

ד.

ייִדן שווערע,
ייִדן פֿון „מזרחס" און פֿון „שיויתיס" —
מיר איז נאָך אַלץ גוט
צו שטיין בײַ דער טיר פֿון פּאָליש,
אונטערשפּאַרן די הויקערדיקע וואַנט
זי זאָל ניט אײַנפֿאַלן.

מיר איז נאָך אַלץ גוט
אײַנצײַען דעם שטריק אויף די לענדן,
אַראָפּרוקן דאָס היטל איבער די אויגן
און אונטערשפּרינגען „קדוש"
בײַ יעדן וואָרט.

און שפּעט
ווען אַלע שוין ניטאָ —
איז מיר נאָך אַלץ גוט,
בײַ אַ ליכטל פֿון שטענדער,
אויסטרייסלען שירײַם פֿון טאָרבע —
געפֿינען זיך אַליין.

ה.

ביַי נאַכט אין מיַין אַלקער.
מיט אַ ביסל גראָז אויף די פּאָליצעס,
מיט אַ שטיקל זון אין אַ פֿלעשל —
זיי מיַינע אוצרות
וואָס איך האָב אָפּגעהיט פֿאַר אַ בייז אויג.

אַ גלעקל פֿון אַ קראָם,
אַ שיַיבל פֿון אַ כאַטע —
קיין סך האָב איך ניט אָפּגעשפּאָרט
אין דער שווערער וועלט.

און נאָך אַ שמייכל פֿון אַ פֿרוי
און אַ שטיף פֿון קינדער —
זיי וועלן מיך אַריבערפֿירן
צו אַ ניַיעם טאָג.

# בילד

די מכשפֿה מיטן בעזעם
האָט איבערגעלאָזט אַלע דעכער
און קוימענס
אויף איר וועג צו אייביקייט.

געשטאָרבן אין היילן
די קעץ און די פֿלעדערמײַז
געשלאָגן פֿון בענקשאַפֿט.

געבליבן בלויז סאַזשעלקע גרינע,
ווו קליינע שטערן
קומען זיך באָדן
פֿאַר שרעק.

# אָסיען

א.

סוף זומער — בלאָער, פֿאָרכטיקער.
סוף זומער — צוגעשטעלטער צו דער וואַנט.

סאַראַ רויטער אָסיען וועט פֿון דיר אַרויסוואַקסן
מיט שטילע, פֿאַלנדיקע בלעטער.

סאַראַ ווײַסע סטעזשקעס, שטאַרבנדיקע
צווישן אַליי פֿון בעריאָזעס.

סוף זומער — אײַנגערעמטער
אין שוואַרצאַפּל פֿון אויג.

ב.

די בלומען וואָס זענען אַ מאָל געוואַקסן צום הימל
וואַקסן איצט אַראָפּ אין האַרץ.

די זעלבע פּנימער פֿון מענטשן
נאָר איצט דורכזיכטיקער.

וואַנט צו וואַנט שפּאַרט זיך אָן —
נאָר אַלץ מיד.

רויטע פֿעדעם שטעפּן דורך
לאַנקע, לונגען, ליכט.

ג.

גרויסע טעג זענען מיט אַ מאָל קורץ געוואָרן
גרויסע טעג האָבן מיט אַ מאָל דערפֿילט דעם ריח פֿון טויט, פֿון ערד.
רויטע פֿענצטער זענען מיט אַ מאָל געשטאַנען
און אַלץ איז אין זיי אַרײַנגעפֿאַלן.

## צו שאַגאַלן

א. דײַן פֿידעלע שפּילט

אבֿרים קומען זיך צונויף.
העלדזער אויסגעצויגענע קריגן ווידער זייער פֿורעם.
הײַזער שטעלן זיך ניכטער אויף די פֿיס.
מיר זענען די זין־געוואָרענע
אומזיניק־צעדרייטע ווונדערוועלט פֿון דײַן פענדזל — שאַגאַל.

מיר זענען די פֿײַער־פֿייגל
וואָס האָבן די ברענענדיקע פֿליגל פֿון זיך אָפּגעוואָרפֿן.
וויפֿל אייביקייטן זענען אַריבער, שאַגאַל,
פֿון זינט דער גרינער קבֿרות־ייִד איז געפֿלויגן
איבער די פֿאַרשנייטע דעכער פֿון וויטעבסק
און די פֿליגל זענען אין אים געוועןַ אינעווייניק?

וויפֿל אייביקייטן
פֿון זינט דאָס בלאָע קעלבל האָט אויסגעלעקט
די ווונדן פֿון מײַן טאַטן, דעם צלובֿ.

און דײַן פֿאַווע מיטן מענטשישן פּנים — שאַגאַל.
כּלה? פֿאַלנדיקער מלאך?
אויפֿגייענדיקער רעגן־בויגן נאָכן מבול?

גאַנץ געוואָרן זענען מיר ווידער, שאַגאַל,
מיט אונדזערע גלײַכע גאַסן, גלײַכע שויבן.
נאָר ווי האָט אונדז אַלע געטאָן צונויפֿבינדן
דײַן קרומע „לאַפּקע" מיט דער „פֿ".

דײַן קלעזמער מיט דער פּויק,
דײַן צעכראַסטעטער װאַסער־טרעגער
װאָס האָט מיט זײַן קאַראָמיסל
אונטערגעשפּאַרט די װעלט,
זי זאָל אויף אונדז ניט אַראָפּפּאַלן!

געהײמס בלאָע, געהײמס נאָנטע, געהײמס שיכּורע,
דײַנע בילדער, שאַגאַל.
דײַן פֿידעלע שפּילט,
דײַן אַשמדאַי לאַכט מיט אַ פֿישן־מויל.
אַלע אונדזערע אָבֿרים קומען זיך צונויף דיך צו הערן,
אַלע אונדזערע אָבֿרים האָבן זיך אויסגעגלײַכט
און שטרעקן זיך אויס צום ליכט.
זײ טוען אויף זיך אָן הויט און הײם.

ב. װיטראַזשן

אין דײַנע װיטראַזשן, שאַגאַל,
זע איך זיך אָפּגעשפּיגלט טויזנט מאָל:
פֿון דעם ציטערדיקן שטראַל איבער דער סטעליע,
ביז צום בלאָען, גרינעם, רויטן
אויסגאָס פֿון פֿײַער־פֿײגל אויף מײַנע הענט.

צעשניטן פֿון קרײַזן, קעסטעלעך, פּאַסן,
קלעטער איך װידער אַרויף דעם לײטער
װאָס דו האָסט אין מײַן חלום אַװעקגעשטעלט —
און װער װידער גאַנץ.

קרוינען וואַקסן אין מיר,
דאָרט ווו געבליט האָבן אַ מאָל
הויקערס.

ניט איין שבֿט —
אַלע שבֿטים נעמען מיך אַרום
מיט זייערע פֿידעלעך.
איך בין קיין מאָל ניט אַזוי הויך געווען,
אַפֿילו דעמאָלט ווען איך בין געפֿלויגן
איבער שפּיץ דאַך.

דאָ זענען ווידער אַלע הײַזקעס
וואָס מע פֿלעגט קאָנען שטעלן אויפֿן קאָפּ,
ווען די וועלט איז צו ענג געווען.
אַלע ברינעמער, וואָס מע פֿלעגט קאָנען שעפּן
מיט אַ פֿול אויג.

דאָ האָבן מזלות
זיך ווידער צונויפֿגעגאָסן אין איין קאַראַהאָד:
לייבן מיט מענטשישע פּנימער,
ציגעלעך געהאַלדזטע מיט צווײַגן בעז.

און דאָ האָבן ווידער זונען
זייערע שלייערס פֿון זיך אַראָפּגעוואָרפֿן.
אין די בערג פֿון ירושלים, שאַגאַל —
דײַן זון — נענטער ווי אומעטום.

ג. דואַליזם

ווי דו האָסט אונדז געמאָלן, שאַגאַל,
אַזוי זענען מיר:
האַלב דרעמלענדיק אין דער מאַמעס בויך,
האַלב פֿליִענדיק אויף אַ גאָלדענעם האָן
צו די הייכן פֿון אײַפֿל־טורעם.

די צוויי פּנימער וואָס אין אונדז
טוען נאָך אַלץ פֿליגל אָן אַלע וואַנטזייגערס:
יעדער ווײַזער אויף פֿאָרויס
איז אויך דער ווײַזער אויף צוריק.

קליינע כאַטעס פֿון אומעטום
זעצן נאָך אַלץ אויס פֿידלערס אויפֿן דאַך.
אין יעדן הערינג געפֿינען מיר
דעם ניצוץ פֿון אַ קרוין.

און דאָרט ווו קרײַזן פֿון וועלטן
טרעפֿן זיך —
נאָך אַלץ אַ ווײַס קעלבל מיט בטחון,
נאָך אַלץ אַ גרינער גוי
מיט אַ חלף אין אויג.

# דער שרײַבער

לזכר דוד פינסקי

פֿלאַם ווערט אַלץ קלענער. טונקעלער און טונקעלער די ספֿרים.
מיט דינעם, פֿאַרעקשנטן כתבֿ הייבט אָן שרײַבן דער וואָרעם.

בייגט זיך אַ גרײַז־גראָער קאָפּ איבער שטומע כתבֿ־ידן.
זיי רעדן ניט מער. ס׳איז וואָרעם געוואָרן דער ידען.

אוצרות געווען אין פּינקס אַ מאָל, נאָר אַלע פֿאַרלאָשן.
ווער הענגט אויפֿן נאַקן אים שווער און פּענטעט זײַן לשון?

וואַנטזייגער פּענדלט און פּענדלט. אויך ער אַזאַ גרײַזער.
וואָס טוט ער דערציילן אַצינד? וואָס טוט ווײַזן דער ווײַזער?

## פינקס

בלאָער פינקס — פֿאַרוועבטער מיט צער און פֿרייד,
פֿון מידקייט, געפּלאָנטערט מיט יאָרן, ביז צו די ראַנדן באַגלייט,
און — העט, וויַיט איבער די ראַנדן, ביז דאָרט וווּ די זון פֿאַרגייט
און לאָזט איבער אַ פֿאָדעם מיט רויטקייט. נאָך ניט איבערגעריסן די קייט!

וויַיל עס טאַנצן אַרום נאָך די ווערטער אין דיר דעם אַמאָליקן טאַנץ.
טוליען זיך איינס אינעם צווייטן, פֿאַרפֿלעכטן אין ליד זיך און קראַנץ
און ווען נעמסט אַרום זיי מיט אָרעמס באַזונטע פֿון גוטסקייט און גלאַנץ —
נאָך ניט איבערגעריסן דעם פֿאָדעם. ביסט, פינקס, נאָך גאַנץ.

וויַיל אין ווערטער וואָרקען ווי תּמיד אַ טרעל נאָך אַ טרעל.
זענען עס טויבן וואָס פּיקן אויף ליכטן פֿאַר נאַכט ביַי דיַין שוועל.
זענען עס וועווערעקלעך בלענדע, מיט זונפֿלעקן קליינע אויף פֿעל,
און זון אין הארץ און אין אויגן. נאָך אַלץ ווי געווען.

זענען עס שטילע ניגונים וואָס קומען פֿאַרשעמט,
מיט ציטער און צער פֿון שליאַכן, מיט שטויב פֿון דער פֿרעמד.
זוכן זיי אַלע אַן אָפּרו צווישן וויַיסע פֿיר ווענט
הינטער נידעריקן, אָפֿענעם טויער, ווען אָוונט גענענט.

ביסט דו עס דער אָפֿענער טויער און דו ביסט די היים,
מיט אַ שוואַרצן קאָפּ האָר אין אַ שיַיבל, מיט אַ לאָך אין געהיים,
מיט אַ טישטעך וואָס לײַכט אין דער פֿינצטער און איז וואַרעם און ריין
און פֿאַרבעט צו ברויט און צו ווונדער, ווען מען פֿילט זיך אַליין.

ביסט דו עס דער אָפּרו, דער שטילער, פֿאַרכּישופֿטער תּחום,
ווו אַ נאַפּטלעמפּל הענגט און נעמט אַלץ מיט זיַין שאָטן אַרום.
איז גוט צו זיצן מיט נאַפּטלאָמפּ, טראַכטן פֿון זאַנג און פֿון זון
וואָס גייען אויף אינעם פינקס, ווען נאַכט אומעטום.

# אינהאַלט

## שמייכלען פון ארץ הקודש

## י ר ד ן

## קריעס

## ירושה

## ביכער פון זעלבן מחבר

אין הינערפלעט (טאָרף־לידער), רוים, 1946

אין שאָטן פון מולד, פאַרלאַג די גאָלדענע פאַווע, פאַריז, 1954

ווייסע טויערן, פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, 1964